# פיגורען עסייען

פון

## ש. צ. זעצער

פארלאג

ניו־יורק — תרפ״ח

## פון זעלבען מחבר:

א) רבי ישראל בעל־שם־טוב — צוויי בענדער.
ב) צו דער ענטשטעהונג פון קריסטענטום.
ג) מדת הרחמים.
ד) די נסיעה פון רבי נחמן בראסלאווער.

## אין דרוק:

א) ספורי מעשיות פון ר"נ בראסלאווער.
ב) וועלטען — עסייען.
ג) אין שטראָם — פובליציסטישע שריפטן.

## פאַרטיג צום דרוק:

א) אידישע געשיכטע — דריי בענדער
פון גלות בבל ביז די חשמונאים.
ב) די אפאקריפען.

# גאונות און גרויסקייט

עס איז ניטאָ נאָך אַ צווייטער נאָמען אין אונזער ליטעראַטור, וואָס זאָל, ווי דער נאָמען ביאַליק, די אַלגעמיינע אַנערקענונג פון פאָלק האָבען. די אַלע פאַרשידענסטע שיכטען פון אונזער פאָלק באַציהען זיך ניט נאָר מיט גרוים ליעבע צו איהם, נאָר אויך מיט גרוים פאַרגעטערונג.

און וואָס איז דער וואונדער?

עס איז אויך נישטאָ נאָך אַ צווייטער שריפטשטעלער אין אונזער ליטעראַטור, דורך וועלכען דאָס לעבען און פיהלען פון אידישען פאָלק, פון דער אידישער נאַציאָן זאָל צו זיין פולען אויסדרוק קומען, ווי עס קומט דורך איהם צום אויסדרוק זיינעם. עס איז ניטאָ נאָך אַ צווייטער דיכטער אין אונזער ליטעראַטור, וואָס זאָל אַזוי דורך און דורך נאַציאָנאַלער דיכטער זיין, ווי חיים נחמן ביאַליק איז עס.

כמעט אַ ליטעראַטור אַ גאַנצע עקזיסטירט וועגען דער באַדייטונג פון חיים נחמן ביאַליק אַלס דיכטער. און צווישען די אַלע, וואָס האָבען וועגען איהם געשריבען, געפינט זיך אויך ניט קיין קליינע צאָהל פון אַזעלכע שרייבער, וואָס האָבען זיך אָפּגעשטעלט — און אויך דער פאַרשטאָרבענער גרויסער דוד פרישמאַן צעהלט זיך צווישען זיי — הויפּטזעכליך אויף זיינע וועלטליכע ליעדער, אויף זיינע פּערזענליכע לירישע מאָטיוון. זיי גיבען אָט די וועלטליכע לירישע ליעדער זיינע מעהר באַדייטונג, ווי די נאַציאָנאַלע ליעדער זיינע. די אמתע גרויסקייט זיינע, זאָגען זיי, טרעט פאַר

אונז אַרוים נאָר אין די ערשטע, אָבער ניט אין די לעצטע.

און, נאַטירליך, איז ביאַליק אַ גרויסער דיכטער ניט נאָר אין די נאַציאָנאַלע ליעדער זיינע, נאָר אויך אין די פון זיינע ליעדער, וואָס זענען ניט קיין אידישע טעמען געווידמעט. אַ גרויסער פּאָעט זעהט זיך זיין גרויסקייט אַרוים אין די אַלע שעפּפערישע התגלותן זיינע. נאָך אַלעם דעם, וואָס ער שאַפט, שיקט דער געניוס זיינער זיין ברכה נאָך. עס איז אונמעגליך, אַז אַן אמת גרויסער פּאָעט זאָל אויף איר־גענד־וועלכע מאָטיוון שוואַכע ליעדער שרייבען. עס איז מעגליך, אַז ער זאָל אין געוויסע מאָטיוון שטאַרקער און גרעסער פאַר אונז ערשיינען, דאָן, ווען אין די אַנדערע זאָל ער ווייניגער שטאַרק און ווייניגער גרויס זיין. עס איז גע־ווענדעט אין דעם, אויף וויפיעל די אָדער יענע מאָטיוון זענען דאַס אינערליכע געזאַנג פון דער נשמה זיינער, אויף וויפיעל עס זינגט זיך אין זיי דער איך זיינער אויס, אויף ווי־פיעל זיי זענען דער אויסדרוק פון זיין שטענדיגען טראַכטען און פיהלען. עס איז אָבער אונמעגליך, אַז ער זאָל אין גאַנצען אין מאַנכע פון זיינע ליעדער קיין גרויסער פּאָעט ניט זיין. די אמתע גרויסקייט פון דעם שרייבער איז דער שטענדיגער באַגלייטער פון דעם אַלעם, וואָס ער שרייבט. די „קטנות המוחין", אין וועלכע דער גרויסער שרייבער קען אַמאָל אַריינפאַלען, קען באַשטעהן נאָר אין דעם, וואָס עס ווערט אַמאָל פון זיין גרויסקייט אַ פּאָר מדרגות פאַר איהם געמי־נערט. זי ווערט אָבער פון איהם קיינמאָל ניט גאָר אינגאַנצען פאַרשוואונדען.

און אַזוי טרעט אויך אַרוים די גרויסקייט פון חיים נחמן ביאַליק אין אַלעם דעם, וואָס ער שרייבט. מיר זעהען איהם פאַר אונז אין דעם גאַנצען גרויסען שריפטשטעלערישען שיעור קומה זיינעם, אין זיינע אַלע ליטעראַרישע התגלותן.

דער כתר העליון אבער פון זיין גרויסקייט געפינט זיך אין זיינע נאציאנאלע לידער. אין דער גרעסטער מדרגה פון גרויסקייט זעהען מיר איהם, ווען מיר לייענען די פון זיינע לידער, וואס ניט זיין אייגענער איך שטעהט אין צענטער זייערען, נאר דער איך פון אידישען פאלק. אויב מיר האבען ניט זוכה געווען, און אויך ער אליין, דער גרויסער נאציאנאלער דיכטער אונזערער, האט ניט די זכיה געהאט, ער זאל פאר אונז דער „כנור לשיריך" זיין, איז ער אבער, ווי קיין אנדער גרויסער אידישער פאעט, וואס מיר האבען אין גלות פארמאגט, דער „לבכות ענותך אני תנים" אונזערער געווען. פון די נביאים אן האט דער צער און צארן פון אידישען פאלק ביי קיינעם ניט אזא שטארקען און קרעפטיגען אויסדרוק פאר זיך געפונען, ווי ער האט געפונען פאר זיך אין די דיכטונגען פון ביאליק.

עס איז דאס ביטערע מזל אויסגעפאלען אויף אונזער אידישען דור דורכצולעבען אזוינע שוידערליכע קאטאסטראפען אין אונזער וועלט, וועלכע האבען צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער גאנצער געשיכטע פון דער מענשהייט. עס איז אונזער אומגליק געווען געבארען צו ווערען אין אזא דור, ווען די אלע בייזע כחות פון גאר דער וועלט האבען זיך פאראייניגט, א פארניכטונגס-קאמף געגען דעם אידישען פאלק אנצופיהרען. עס האבען נאך קיינמאל אזוי פיעל הייסע אידישע טרערען די וועלט פארפלייצט, ווי אין משך פון די לעצטע יאהרען. עס איז נאך קיינמאל ניט דער צער האומה אונזערער אזוי גרויס געווען, ווי ער איז אין דעם לעצטען דור גרויס געווען.

און די דאזיגע גרויסע לײדען, די דאזיגע שווערע נסיונות, מיט וועלכע עס איז אונזער פאלק אין משך פון לעצטען דור געפרובט געווארען, האבען אין ביאליקן זייער

גרויסען ירמיהו געפונען. זיי האבען געפונען אין זיינע דיכטונגען דעם גרעסטען מעגליכען פאעטישען אויסדרוק זייערען.

---

עס זענען פארשידענע מדרגות אין גרויסקייט פארהאן, און די לעצטע איז די, וואס פיהרט אין די טויערען פון געניאליטעט אריין. און שלימות איז דער נאמען פון אט דער לעצטער מדרגה, דורך וועלכער עס געהט גרויסקייט און געניאליטעט איבער. די אבסאלוטע שלימות איז דער העכ־סטער פונקט אין גרויסקייט.

מיט ענטציקונג און באוואונדערונג שטעהען מיר אמאל פאר דעם בילד פון א גרויסען מאלער. מיט ענציקונג און באוואונדערונג זאפען מיר אין אונזער נשמה איין די וואונ־דערבארע טענער און מעלאדיען פון א גרוים מוזיקאליש ווערק, וואס איז פון א גרויסען מוזיקאלישען מאעסטרא גע־שאפען געווארען. מיט באוואונדערונג און ענטציקונג פאר־לייענען מיר זיך אמאל אין א קונסט־ווערק פון א גרויסען דיכטער. עס רעדט צו אונז די גרויסקייט פון די שעפער דורך זייער ווערק ארוים און באצווינגט אונז און האלט אונז באהערשט די גאנצע צייט. מיר באוואונדערען די דאזיגע קונסט־ווערק פאר דער גרויסקייט פון דעם פארנעהם, וואס די מייסטער זייערע וויזען אין זיי ארוים, פאר דער פארבען־און־פאנטאזיען־רייכקייט, וואס מיר געפינען אין זיי, פאר דעם מערקווירדיגען כח פון די גרויסע מייסטער, וואס ווערט אין זיי פארקערפערט, צו פולען אויסדרוק ברענגען דאס אלעס, וואס לעבט אין זייער געדאנק און פארשטעלונג.

עס טרעפט אבער, אז צוזאמען מיט אט דעם געפיהל פון באוואונדערונג, פון וועלכען מיר זענען דאן באהערשט, פיה־לען מיר דאן אויך, אז די דאזיגע באוואונדערונג האט זיך ניט

ביי אונז אין איהר העכסטען מעגליכען אויסדרוק פארקער־פערט.

ווי גרויס עס זענען ניט אין אונז די באוואונדערונג און ענטציקונג, מיט וועלכער מיר שטעהען פאר די דאזיגע ווערק, פיהלען מיר זיי דאן ניט אלס טייל פון אונז, פיהלען מיר ניט, אז מיר זענען פון זיי געווארען באהערשט אינגאנצען, אז זיי האבען שוין דערגרייכט צו אזא מדרגה, וואו זיי זאלען שוין ניט קענען שטייגען מעהר. ווארים, ווי שטארק מיר זענען ניט באצוואונגען און באהערשט פון דער גרויסקייט פון די דאזיגע קונסטווערק, פיהלען מיר אויך דאס, אז זי האט ניט דערגרייכט די העכסטע שלימות־פארם איהרע, אז זי איז ניט צוגעגאנגען צו אזא פונקט, פון וועלכען מען קען שוין ניט געהן ווייטער, אז ווי הויך די גרויסע קינסטלער האבען זיך ניט אין די דאזיגע קונסט־ווערק זייערע דערהויבען, איז נאך אלץ דא א מעגליכקייט פאר אנדערע, נאך גרע־סערע פאר זיי קינסטלער, נאך העכער צו דערהויבען זיך. ווי גרויס עס איז ניט די באגייסטערונג אונזערע, וואס עס רופען ארויס ביי אונז די קונסט־ווערק, וואס מיר באוואונ־דערען, טרעט ניט אפ פון אונז דאס געפיהל, אז די גרויסע מייסטער זייערע האבען ניט אויסגעשעפט די אלע קינסטלע־רישע מעגליכקייטען, וואס ליגען אין די פון זיי באהאנדעלטע טעמען באהאלטען.

נאר אין זעלטענע אויסנאהמס־פעלע דערגעהט די באַ־וואונדערונג, וואס עס רופט ביי אונז א קונסטווערק ארויס ביז צו דער מדרגה פון עקסטאז צו, און מיר ווערען פון איהר באהערשט אינגאנצען. נאר אין איינצעלנע פעלע דערגרייכט די באוואונדערונג אונזערע צו אזא מדרגה, וואו זי קען שוין ניט שטייגען מעהר.

און דאס קומט פאר דאן, ווען מיר שטעהען פאר די קונסטווערק פון די יחידי־סגולה, וועלכע זענען אזוי ווענינ אין צאהל אין אלע צייטען, פאר די ווערק פון די, וואס מיר באצייכענען אלס גאונים.

אין די דאזיגע אויסנאמספעלע ווערט די באוואונדערונג, וואס מיר פיהלען פאר די קונסטווערק, פאר וועלכע מיר שטעהען, באגלייט שטענדיג פון דער איבערצייגונג, וואס לעבט דאן אין אונזער באוואוסטזיין, אז די קינסטלער האבען די גרעסטע שעפפערישע שלימות פארקערפערט אין די ווערק זייערע, אז זיי זענען צוגעגאנגען אין זיי ביז צו א וויטען פונקט, ביי וועלכען עס איז שוין מעהר קיין ווייטער ניטא, אז זיי האבען זיך אין זיי ביז צו אזא הויכקייט דערהויבען, איבער וועלכער עס איז שוין מעהר קיין העכער ניטא.

ווארים אין דעם א טאקע באשטעהט דער אונטערשייד פון גרויסקייט און געניאליטעט. אין גרויסקייט איז שלימות פאראן. געניאליטעט אבער איז די שלימות אליין. געניאליטעט איז אבסאלוט. גרויסקייט אבער איז רעלאטיוו. געניאליטעט איז אויסשעפענד. גרויסקייט אבער איז דאס ניט. גרויסקייט קען פארשידענע נוסחאות האבען. געניאליטעט אבער קען נאר איין נוסח האבען.

וויפיעל פערפעקציע דו זאלסט ניט אין דעם אדער אין יענעם גרויסען קונסט־ווערק זעהן, ווערט נאך אלץ ניט דורך דעם אויף דיר דער געדאנק ארויפגעצוואונגען, אז אט די קונסט־פארם, אין וועלכער דער קינסטלער האט דעם כח היצירה זיינעם פארקערפערט, איז די איינציג־מעגליכע פאר אט דער טעמא, וואס ער האט באהאנדעלט. וויפיעל שלימות דו זאלסט אין זיי ניט געפינען, זעהסטו אויך דאס איין, אז די דאזיגע קונסט־מאטיווען, וואס דו באוואונדערסט, קענען נאך אין אנדערע וואריאציעס קומען, אז דער קינסטלע־

רישער אינהאַלט, וואָס די קינסטלער האָבען אין זייערע ווערק פאַרקערפּערט, קען נאָך אין אַנדערע פאָרמען זיין אויסדרוק געפינען. ווי גרויס די קינסטלער זאָלען פאַר דיר ניט דורך זייערע גרויסע ווערק ערשיינען, פיהלסטו אָבער נאָך אַלץ, אַז זיי האָבען ניט די אַלע קינסטלערישע מעגליכ־קייטען, וואָס ליגען אין דעם פון זיי באַהאַנדעלטען טעמא אויסגעשעפּט. עס קענען נאָך אַנדערע קינסטלער קומען און באַהאַנדלען די זעלבע טעמא אויף פאַרשידענע אַנדערע אופנים, דורך וועלכע איהר קינסטלערישער פאַרקערפּערונג זאָל די זעלבע גרויסקייט אנהאַלטען אָדער צו נאָך מעהר גרויסקייט דערגרייכען.

אַנדערש איז אָבער דאָס גניאַלע קונסטווערק. די קונסט־פאָרם, אין וועלכער דער גאון פאַרקערפּערט דעם כח־היצירה זיינעם, איז די איינציג־מעגליכע. און מעגען נאָך צעהן אַנדערע גאונים דאָס זעלבע טעמאַ פאַר דעם אָביעקט פון זייער שאַפען נעהמען, וועלען זיי קיינע נייע וועגען ניט קענען ענטדעקען, און אויך זיי וועלען איבער דעם זעלבען וועג מוזען געהן, איבער וועלכען עס איז דער ערשטער גאון געגאַנגען. די אַלע ווערק זייערע וועלען, ווי דער סיאַמער צווילינג, איינע אויף דער צווייטער עהנליך זיין. וואָרים דער גאון שעפּט אויס די אַלע שעפּפערישע מעגליכקייטען אין דעם, וואָס ער שאַפט. אין די ווערק זיינע ווערט די העכסטע שלימות פאַרקערפּערט. און זאָלען די מוזען אַליין אָט די קונסטווערק שאַפען, וועלען אויך זיי אין זיי קיין מעהר שלימות ניט קענען אריינברענגען, וועלען זיי ניט אַנדערש אויסזעהן, ווי זיי זעהען איצט אויס. דאָס גרויסע ווערק קען איבערגעשאַפען ווערען. דאָס גניאַלע ווערק קען ניט ווערען איבערגעשאַפען, נאָר נאָכגעשאַפען. דאָס גרויסע ווערק קען וואַריאירט ווערען. עס קענען אין דעם אריינ־

געטראגנע ווערן ענדערונגען. דאס געניאלע ווערק קען אבער ניט וואריאירט ווערן. עס קענען אין דעם ניט אריינ־געטראגען ווערן קיינע ענדערונגען. עס קאן נאר נאכגעאהמט קאפירט ווערן. ווארים די געניאלע ווערק קענען נאר איין נוסח האבען, דעם נוסח, אין וועלכען עס איז פון געניאלען מייסטער איינגעשטעלט געווארען.

---

און אט די העכסטע שלימות פון א גאון איז אויך אין ביאליק, דעם נאציאנאלען דיכטער, פאראן. ער האט אין די צער־און־צארן ליעדער זיינע די גרעסטע שעפפערישע מעג־ליכקייטען אויסגעשעפט. עס איז אין זיי אזוי פיעל קראפט, אזוי פיעל אויסדרוק, אזוי פיעל פארענדיגטקייט פאראן, אז עס ליגט ווירקליך דער שטעמפעל פון געניאליטעט אויף זיי. אונגעהויער גרויס איז ביאליק אויך אין די נאטור־דיכטונגען זיינע, אויך אין זיינע ליכט־ליעדער . עס איז אין זיי אזוי פיעל עכטקייט פאראן, אזוי פיעל דורכ־געלעבטקייט, אזוי פיעל גרויסע ביאליק־פשטות, ביאליק־באַ־שיידענהייט, אזוי פיעל נאטירליכער ניט אנשטעלדיגער נשמה־אויסדרוק. טאקע נאר גרויס אבער איז ער אין די דאזיגע ליעדער. ער טרעט אבער ניט ארויס אין זיי אלס גאון. מיר האבען קיינמאל ניט דאס געפיהל, ווען מיר לייענען די דאזיגע ליעדער, אז עס איז פארקערפערט אין זיי די העכסטע קינסטלערישע שלימות, אז די מאטיווען פון די ליעדער זיינע קענען ניט פון אנדערע גרויסע קינסטלער אין גרעסערע קונסט־ווערק פארקערפערט ווערען. גאנץ אנ־דערש איז דאס אבער, ווען מיר לייענען זיינע נאציאנאלע ליעדער. דא האבען מיר ווירקליך דאס געפיהל, אז דער קינסטלער האט אין זיי די העכסטע מעגליכע שלימות דער־גרייכט. אין די אידישע צער און צארן ליעדער זיינע, וואו

ער שליידערט זיין פארוואונדעט הארץ צו די הימלען און פיהרט אן אין זיי א איוב־קאמף מיט גאט, וואו ער וועהטאגט ביז צום בלוטיגען פאר די אידישע ליידען און פאר דער שאנדע פון די דאזיגע ליידען, אין די דאזיגע צער און צארן ליעדער זיינע, אין וועלכע עס הערט זיך אזוי פיעל מעכ־טיגער פראטעסט און פארצווייפלונגס־געשריי פאר דער שוי־דערליכקייט און שרעקליכקייט פון די אידישע ענויים און נסיונות און פאר זייער עקעלהאפטיגקייט און אונזיניגקייט, איז ביאליק, ווירקליך, א גאון. ער טרעט פאר אונז ארויס אין זיי ניט נאר אלס דער גרעסטער נאציאנאלער פאעט, וואס מיר האבען וועז געהאט אין גלות, נאר אויך אלס דער גרעסטער וואס מיר קענען זיך פארשטעלען. ווארים לויט דעם קרעפטיגען אויסדרוק, וואס ער האט אט דעם אידישען צער און צארן געגעבען, לויט דעם, ווי זיי האבען פאר זיך אין זיינע דיכטונגען געשטאלט און פורעם געפונען, האבען זיי זייער מעגליכסטע קינסטלערישע פארקערפערונג געקראגען, האבען זיי זיין גרעסערען פאעטישען תקון באקומען, ליעגט אויף זיי דער שטעמפעל פון גאונישער שלימות, וועלכע קען שוין ניט פון קיין אנדער גאון איבערשטיגען ווערען.

די אידישע קלאסישע פאעזיע איז אונטער דעם צייכען פון גרויסע פאסירונגען, פון גרויסע געשעהענישען ענטשטא־נען. אין גרעסטען טייל איהרען איז זי ניט קיין פראדוקט פון שטילען, רוהיגען שאפען, נאר זי איז א פראדוקט פון גרויסע איבערלעבונגען, פון שטורמישע היסטארישע מאמענ־טען. זי איז די פאעטישע פארקערפערונג פון גראנדיעזע געשעהענישען, פון עפאכע־מאכענדע פאסירונגען.

און אט אזוי ליעגט אויך ניט דער שטעמפעל פון אינ־דיווידועלען שאפען אויף דער קלאסישער אידישער פאעזיע, נאר עס ליגט אויף איהר דער שטעמפעל פון קאלעקטיווען

שאפען. האבען די דיכטונגען איהרע געמעגט געשאפען װע־
רען פון יחידים, זענען זיי דאך ניט דער אויסדרוק פון יחיד,
פון איינצעלנעם, נאר פון גאנצען כלל, פון קאלעקטיװ.
װארים דער גורם, װאס האט זיי צום לעבען ארויסגערופען
איז דער כלל געװען. דאס לעבען, דענקען און פיהלען פון
קאלעקטיװ איז דער יסוד און תמצית זייערער. יעדער נייע
װענדונג אין דער אידישער געשיכטע, יעדע נייע האפנונג,
האבען נייע זאפטיגע בלעטער אין דער אידישער פאעזיע
אריינגעשריבען. און אפילו דאס אינטימסטע און אינדיװי־
דועלסטע בוך, װאס די װעלט־ליטעראטור פארמאגט, דער
תהלים, אפילו אויף איהם ליעגט דער שטעמפעל פון קא־
לעקטיװיזם. עס איז װי קיין אנדער בוך, דאס בוך פון
יעדען מענשען אין אלע צייטען, אין די אלע פארשידענסטע
מאמענטען פון זיין לעבען. אין יעדען מאמענט
פון אונזער לעבען, אין די מאמענטען פון העכסטער
פרייד און טיעפסטען טרויער, אין די מאמענטען
פון די ליכטיגסטע האפנונגען און גלויבען, אין
גרעסטען יאוש און פארלארענקייט, אין װאס פאר א
שטימונג, אין װאס פאר א צושטאנד אונזער נשמה זאל
זיך ניט געפינען, װעלען מיר שטענדיג געפינען דארטען
עטװאס אזוינס, װאס זאל אין דעם דאזיגען מאמענט צו
אונזער הארץ רעדען, װאס זאל די טיפסטע טיפענישען אונ־
זערע מאכען ציטערען. עס קען זיך דארטען יעדער פון
אונז אין יעדען מאמענט אויף א בלעטעל אדער אויף א
שורה אנשטויסען, װאס זאל איהם, װי דער אויסדרוק פון
זיין אייגענער נשמה אויסזעהן, װאס זאל קענען פון איהם אלס
ספעציעל פאר איהם פארפאסט באטראכט װערען. עס איז
אויף א װאונדערבארען אופן קאמבינירט אין דעם בוך דער
אינדיװידועלער און קאלעקטיװער כאראקטער זיינער. עס

איז א קאלעקטיוו בוך, אויף וויפיעל עס איז דאס בוך פון אלעמען און פאר אלעמען, און עס איז אן אינדיווידועל בוך, אויף וויפיעל עס איז דאס בוך פון יעדען איינעם, אויף וויפיעל דער יחיד קען אין דעם זיין אייגענעם איך זעהן, אויף וויפיעל יעדער יחיד קען אין דעם די אפשפיגלונג פון אלע זיינע שטימונגען און דורכלעבונגען געפינען. א בוך פאר דעם גאנצען כלל — און יעדער איינער קען עס אויף אזוי פיעל אלס זיין אייגען בוך, אלס זיין אייגענע אויסגעוועהטאגטע תפלה און זיין אייגענער נשמה־אויסגוס און נשמה־וידוי באטראכטען.

און די גאר באדייטענסטע פאקטארען פון דער אידישער פאעזיע, וואס האבען איהרע גרעסטע פאעטישע ווערטען גע־שאפען, זענען געווען די פון די גרויסע פאסירונגען אין אונ־זער לעבען, וואס האבען מיט זיך קאטאסטראפאלען אינהאלט פאר אונזער פאלק געבראכט, וואס האבען גרויסען חורבן אין אידישען לעבען אריינגעטראגען. אונטער דעם צייכען פון געוויין און טרויער איז א גרויסער טייל פון די קלאסישע אידישע דיכטונגען געשאפען געווארען. יעדער דור האט זיי־נע מכשפים־קינסטלער פארמאגט, וואס האבען די אידישע טרעהרען, דעם אידישען וועהטאג, אין מאנומענטאלע קונסט־ווערק פון ווארט פארוואנדעלט, וואס האבען פאעטישען אויסדרוק דעם צער האומה געגעבען. ווי גרויס עס זענען די ליידען פון א דור געווען, אזוי גרויס איז אויך דער פא־עטישער אויסדרוק זייערער געווען.

און אויך די ליידען פון אונזער דור, די גרעסטע, וואס דאס אידישע פאלק האט ווען געהאט, האבען זייער מכשף־קינסטלער פאר זיך, האבען זייער פולען אויסדרוק אין די שאפונגען פון חיים נחמן ביאליק געפונען. די גרעסטע אי־

דישע ליידען האבען אויך דעם גרעסטען נאציאנאלען דיכטער געשאפען.

---

עס איז א לעגענדע פאראן, וועגען איינעם פון די ערעל־שטיינער, אז ער איז פארמירט געווארען פון די טרערען, וואס די געטער האבען אין א מאמענט פון צער און יאוש פארגאסען, אין א מאמענט פון צער און יאוש אויף די פגימות, וואס האבען זיך אין די מעשה־ידים אריינגעכאפט. די טרערען זענען אין שעהנע ערעלשטיינער קריסטאליזירט געווארען.

און די געטער זענען שוין פון לאנג פארטעמפט און אויך אליין פארשטיינערט געווארען. זיי האבען שוין פון לאנג די פעהיגקייט טרערען צו פארגיסען — אנגעווארען. זיי האבען שוין פון לאנג גאר אינגאנצען די ממשלה איבער וועלט און לעבען דעם תהו ובהו איבערגעגעבען און זיי קוקען דורך טעמפער גלייכגילטיגקייט אויף אלעם.

און וואס מעהר פארשטיינערט די געטער זענען גע־ווארען, וואס מעהר זיי האבען זייער פעהיגקייט טרערען צו פארגיסען אנגעווארען, אלץ מעהר האבען די מענשען אנגעהויבען טרערען צו פארגיסען, אלץ גרעסער און שטאר־קער האט זיך דאס געוויין פון די פעלקער אנגעהויבען צו הערען.

און העכער און שטארקער פון געוויין פון אלע אנדערע פעלקער הערט זיך דאס געוויין פון אידישען פאלק.

און מעהר, ווי די טרערען פון אלע אנדערע פעלקער צוגיסען זיך די אידישע טרערען אין ימען.

און געבענשט זאל ער אונז זיין אונזער גרויסער נא־ציאנאלער דיכטער, געבענשט זאל ער אונז זיין דער גרויסער

מכשף־קינסטלער אונזערער, וואָס האָט די אידישע טרעהרען
אין די שעהנסטע ערעלשטיינער פאַרוואַנדעלט.

געבענשט זאָל ער אונז זיין, וואָס ער האָט אונזער שאַנדע געגרויסט און אונזער פאַרשוועכונג געהייליגט.

געבענשט זאָל ער אונז זיין, וואָס ער האָט די „אין טעם לחייהם ולמותם" ענויים אונזערע צו אַ הויכען פּאָעטישען תקון דערהויבען.

**גענבענשט זאָל ער אונז זיין.**

# דער ריטם פון גלויבען

עס זענען פאראן פערזענליכקייטען, וואס די השגחה וועהלט זיי אויס פון צווישען די פיעל צייט־גענאסען זייערע, זיי זאלען אין פיעלע הינזיכטען דער ריינער און קלארער שפיגעל זיין פון דער צייט, אין וועלכער זיי ווערען ערצויגען. די עפאכע, אין וועלכער זיי מאכען די ערשטע טריט פון זייער שעפערישער טעטיגקייט, לעגט ארויף איהר שארפען שטעמפעל אויף זייער גאנצער ווייטערדיגער טעטיגקייט. און מעג די דאזיגע טעטיגקייט זייערע אויף א גאר לאנגען פעריאד יאהרען זיך ציהען, און מעג זי ווי פארשידענארטיג זיין, וועט זיך אין איהר שטענדיג דער כאראקטער פון אט יענער עפאכע פיהלען, וועט זי זיך שטענדיג דורך די אטמאספערע־קאלירען פון יענער צייט זעהן.

נאך מעהר ווי די שטימונגען, שווערמערייען און שטרעבונגען פון יענער צייט באשטימען דעם אינהאלט פון שאפען פון די דאזיגע פערזענליכקייטען, באשטימען זיי דעם כאראקטער פון דאזיגען שאפען. זיי באשטימען דעם טעמבר זיינעם. זיי שטאלטען די פארב זיינע. זייער טעטיגקייט דיענט ווירקליך פאר אונז אלס קלארער און ריינער שפיגעל, אין וועלכען עס שפיגעלט זיך אפ פאר אונזערע אויגען דער גייסט פון אט יענע אלטע שוין לאנג פארגאנגענע יאהרען. דורך זיי און אין זיי געפינען די שטימונגען פון אט יענער שוין לאנג פארגאנגענער עפאכע, איהר פארנעם און שוואונג, דעם „השארת הנפש" זייערען. ווי פרעזערווירטע עלעקטרי־

ציטעט, בליצען זיי אויף יעדען מאָל, ווען די דאָזיגע פּער־
זענליכקייטען קומען צום וואָרט.

און צו די דאָזיגע פּערזענליכקייטען באַלאַנגט אויך
ברייניז.

ער האָט זיין שריפטשטעלערישע טעטיגקייט אָנגעהויבען
אין די יאָהרען פון אונזער נאַציאָנאַלער ערוואַכונג, אין די
מאָרגען־שטונדען פון דער נייער עפּאָכע, וועלכע איז געקומען
נאָך דער השכלה־עפּאָכע.

מיט דער קראַפט פון אַ שמשון הגבור האָט דער אידישער
געדאַנק אָפּגעטרייסעלט פון זיך דעמאָלט די אַלע פּלאָכ־
קייטען, אין וועלכע עס האָט איהם די השכלה־באַוועגונג פאַר־
שלעפּט. דער פון דער השכלה־עפּאָכע אין קייטען געשמיד־
טער נאַציאָנאַלער אינסטינקט פון דער אידישער אינטעלי־
גענץ האָט מיט צושטערענדער קראַפט רעוואָלטירט דאַן געגען
דעם אַטראָפּירענדען היפּנאָז, אונטער דער ווירקונג פון וועל־
כען מען האָט איהם געהאַלטען, און די אונטערדריקטע נאַ־
ציאָנאַלע שעפּפערישע ענערגיע האָט זיך דאַן אין אַ ברוי־
זענדען שטראָם אויף ברייטע און פרייע וועגען אַרויסגעריסען,
צו געפינען איהר פאַרקערפּערונג אין אייגענע און אייגענ־
אַרטיגע פאָרמען. עס זענען יענע יאָהרען געווען די יאָהרען
פון באַלדיגען אָנקומען פון די צוויי נייע גרויסע פאַקטאָרען
אין אידישען לעבען, וואָס האָבען אַזוי וועזענטליך דעם גאַנ־
צען אינערליכען אינהאַלט זיינעם געענדערט, וואָס האָבען
אַזאַ נייע ווענדונג דער אידישער געשיכטע געגעבען — דער
אידישער סאָציאַליזם — וואָס האָט אין בונד זיין באַדייטענד־
סטע און ווילכטיגסטע פאָרם אָנגענומען — וועלכער האָט אַזוי
פיעל רעוואָלוציאָנערען עלעמענט אַריינגעטראָגען אין געדאַנק
און אין געפיהל פון די ברייטע אידישע מאַסען, וועלכער
האָט די אונצעהליגע מענגען פון די אידישע „תולעת ולא

איש" מאסען, אין שטאָלצע קעמפענדע מחנות פאַרוואַנדעלט, אין שטאָלצע קעמפענדע מחנות. וואָס זענען אויף זייער מענשליכער ווירדע באוואוסט געווען און זענען אויף זייערע מענשליכע רעכטע באַשטאַנען; דער אידישער סאָציאַליזם, דורך וועלכען עס האט דאן דער ביי זיך געפאַלענער און אין זיינע אייגענע אויגען ווערטלאָזער אידישער מאַסען־מענש זיין גאַנצען מענשליכען „שיעור קומה" ערוואַרבען, און דער ציוניזם וועלכער האָט מיט אַזוי פיעל העלער און וואַרימער ליכט פון נאַציאָנאַלען גלויבען און האָפען די גאַנצע אידישע וועלט פאַרפלייצט, וועלכער האָט, ווי דורך אַ צויבער אויף איין מאָל אַן אינטענסיוו קאָלעקטיוו־נאַציאָנאַל אידיש לעבען אויפגע־שטעלט.

עס זענען יענע יאָהרען געווען די יאָהרען אין וועלכע עס האָבען זיך אָנגעהויבען די העברעאישע ליטעראטור און די אידישע פאַנאַנדערצובליהען.

ווארים עס האָט זיך ווירקליך ערשט דאָן די ענטוויק־לונג פון דער אידישער ליטעראַטור און דער העברעאישער אָנגעהויבען.

ערשט דורך די קרעפטען, וואָס האָבען זיך אין יענע יאָהרען באַוויזען אין דער אידישער, ווי אויך אין דער העב־רעאישער, ליטעראַטור האָבען די ביידע ליטעראַטורען ערוואָר־בען דאָס רעכט דעם דאָזיגען עפּיטעט אָנצואווענדען אויף זיך. אין יענע יאָהרען האָט דער כח־היצירה פון אונזערע אומשטערבליכע צוויי גרויסע מייסטער, שלום עליכם און פּרץ, אָנגעהויבען זיין טעטיגקייט פאַנאַנדערצואוויקלען. ערשט דאָן איז אויך דער ערשטער קלאַסיקער פון דער מאָ־דערנער אידישער ליטעראַטור, מענדעלע, צו זיין גרעסטער קינסטלערישער רייפקייט און צו זיין העכסטער קינסטלערי־שער שלימות צוגעקומען. און אויך אין דער העברעאישער

ליטעראַטור האָט זיך אַרום יענע יאָהרען אַ גאַנצע גרופּע פון יונגע ליטעראַרישע קרעפטען באַוויזען, וועלכע האָבען ראַדיקאַל איהר אינהאַלט און אויסזעהען געענדערט. עס זענען געווען די דאָזיגע יאָהרען, די יאָהרען פון דעם באַלדיגען באַווייזען זיך פון די צוויי גרעסטע שטערען אין דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור — אחד העם און ביאַליק.

דער אידישער אינטעליגענט פון דער השכלה־עפּאָכע, וואָס דער אידעאַל זיינער האָט אין דער פּראַקטיק נאָר פון אינדיווידואַליסטישען עגאָאיזם געמוזט זיין, וואָס האָט אין דער לעצטער שורה זיינער געפיהרט נאָר צו דעם, ער — דער השכלה־אינטעליגענט — זאָל נאָר וועגען דעם טראַכטען, ער זאָל זיך אַליין וואָס באַקוועמער און וואַרימער אין לעבען איינאָרדענען, דורך דער בילדונג, וואָס ער האָט ערוואָרבען; וואָס האָט אין דער לעצטער שורה זיינער געפיהרט נאָר צו דעם, עס זאָל זיין לעבען פון יעדער אינטימער אַטמאָספּערע באַרויבט ווערען, ער זאָל זיך אינגאַנצען פרעמד און דערווייטערט פון די אידישע מאַסען פיהלען; דער אידישער אינטעליגענט פון דער השכלה־עפּאָכע, וועלכער האָט אויך זיין אייגענע אינדיווידואַליטעט פאַרלאָרען צוזאַמען דערמיט, וואָס ער האָט זיין אָנגעהעריגקייט צו די אידישע מאַסען איבערגעריסען, און ער האָט אין נאַציאָנאַלען זין, ווי אַן אַראָפּגעפאַלען פאַרדאַרט בלעטעל, וואָס פאַרצעהרט איינזאַם און פון מקור זיינעם אָפּגעשניטען די לעצטע טראָפּען פון זיינע לעבענס־זאַפטען, אַ לעבען פון אַ גייסטיגען „הולך־ערירי" געלעבט, דער דאָזיגער אידישער אינטעליגענט, וועלכער האָט ניט נאָר קיינע נאַציאָנאַלע האָפנונגען און שטרעבונגען ביי די אידישע מאַסען געוועקט, נאָר ער האָט אויך גאָר אינגאַנצען קיין אידיש פאָלק פאַר זיך ניט געזעהן, האָט אָפּגעטראָטען זיין פּלאַץ פאַר אַ נייעם טיפּ אידישען אינטע־

ליגענט, וועלכער האט זיין אייגען לעבען מיט דעם לעבען פון דעם אידישען קאלעקטיוו צונויפגעגאסען, וואס האט אזא שעהנעם גארטען פון נאציאנאלע שטרעבונגען און האפנונ־גען אין אידישען לעבען פארפלאנצט, און האט אין דער ארבייט פאר זייער פארווירקליכונג זיין לעבענס־בארוף און־ זיין לעבענס־ציעל געזעהן.

עס האט אין יענע יאהרען א שטראם פון ענערגיע אויפ־געברויזט ביי דער אידישער אינטעליגענץ און געשטויסען איהר, זי זאל זיך פאר גרויסער און אינטענסיווער נאציאנא־לער טעטיגקייט נעמען. עס האט זיך א שטארקער גלויבען פארקליבען צו איהר אין הארצען אין דער מעגליכקייט דאס גרויסע אין אידישען לעבען צו שאפען. א שטראהלענדער אפטימיזם האט זיי אין זייער ארבייט באגלייט. עס איז א מענשען־דור אויפגעשטאנען, וואס האט אין זיך אן איבער־פלוס פון שאפענדער נאציאנאלער ענערגיע געפיהלט. עס האט זיך באוויזען דאן א מענשען־דור פון גלויביגע, וואס זענען מיט זיכערע טריט געגאנגען איבער דעם וועג, וואס זיי האבען אויסגעקליבען פאר זיך. עס איז געשאפען גע־ווארען דאן אן אטמאספערע פון יוגענטליכען גלויבען, פון יוגענטליכער פרישקייט, פון יוגענטליכער באגייסטערונג.

און אט די דאזיגע אטמאספערע האט איהר שטעמפעל ארויפגעלעגט אויף דעם שאפען פון בריינין. ער איז שוין אויף שטענדיג געבליבען אונטער דער השפעה פון דעם גייסט, וואס האט ארומגעשוועבט אין אט יענער אטמאספע־רע, אין וועלכער בריינין איז אלס שריפטשטעלער ערצויגען געווארען.

עס מאכט זיך, אז עס פארקלייבט זיך אמאל אין מארך צו אונז א געוויסער מאטיוו, וואס מיר הערען, און אין משך פון א גאר לאנגער צייט האלט ער אונז אין איין פארפאלגען

שטענדיג. אַלע ווײַלע וועקט ער דאָרט אין אונזער אונ־טערבאַוואוסטזיין אויפמערקזאַמקייט צו זיך און מיר הויבען דאַן אַן צו מורמלען אין דער שטיל אַט יענעם מאָטיוו, וואָס מיר האָבען געהערט. די נשמה אונזערע געפינט זיך דאַן פּאָר אַ לאַנגער צייט אין דער היכל הנגינה. און נאָר אַט יענעם מין ניגון זינגט זי. און שטענדיג זינגט זי איהם. ווארים מיר זינגען דעם דאָזיגען מאָטיוו ניט נאָר דאַן, ווען מיר מורמלען איהם מיט אונזער מויל, נאָר אויך דאַן, ווען מיר טוען עס ניט. מיר זינגען איהם אויך דאַן, ווען מיר טוען גאָר אַנדערע אַרבייט. אַלעס, וואָס מיר רעדען, טראַכ־טען און דענקען אין משך פון יענער צייט ווערט לויט דעם טאַקט און ריטם פון אַט יענעם מאָטיוו געטאָן.

און אַט אַזוי זענען אויך פּערזענליכקייטען פאַראַן, וואָס דער מאָטיוו פון דער צייט, אין וועלכער זיי האָבען זייער גייסטיגע רייפקייט דערגרייכט, פאַרקלייבט זיך צו זיי אין האַרצען אַריין מעהר, ווי צו אַלע אַנדערע. און אַלעס, וואָס זיי טוען און רעדען אין משך פון דעם גאַנצען לעבען זייערען, איז אין אַנקלאַנג מיט דעם ריטם און טאַקט פון אַט יענעם מאָטיוו. עס בלייבט דער גייסט פון דער צייט, אין וועלכער זיי האָבען זייער גייסטיגע רייפקייט ערוואָרבען, דער גייסט פון די שטימונגען און שטרעבונגען, וואָס האָבען אין יענער צייט געהערשט, זייער שטענדיגער לעבענס־באַגלייטער.

---

און אַט אַזוי האָט זיך אויך אַט יענער צייט־מאָטיוו, דער צייט־מאָטיוו פון אַט יענער עפּאָכע פון גלויבען און האָפען, וועגען וועלכער איך האָב פריהער גערעדט, פון דער עפּאָכע פון אָפּטימיסטישער שווערמעריי און העלע שטימונגען, צו ברייניך אין האַרצען אויף שטענדיג פאַרקליבען.

ווארים דאס כאראקטיריסטישע אין בריינין דעם שריפט־שטעלער איז, ווירקליך, דער אפטימיזם זיינער. ער איז דער גרעסטער אפטימיסט צווישען אונז. ער איז דער גלויביגסטער צווישען אונז.

עס זענען ניט די נייע געדאנקען און די נייע אידעען, מיט וועלכע בריינין איז ארויסגעטראטען אין אונזער ליטע־ראטור, ווי דער אופן, ווי בריינין האט זיך אויף יעדער נייער גרויסער אידעע פון אונזער לעבען אפגערופען. ער איז דער „כנור לשיריך" געווען פון יעדען נייעם אידישען געדאנק, וואס האט אין זיך שעהנעם שוואונג און ברייטען פארנעם פארמאגט, פון יעדער נייער שטרעבונג, וואס האט זיך אויף שעהנע און גרויסע פליגלען אין הויכע און שעהנע וועלטען געצויגען. אויב די נאציאנאלע דערוואכונג פון אידישען פאלק פאר די לעצטע דרייסיג יאהר, אויב די נאציאנאלע האפנונגען און שטרעבונגען אונזערע האבען ניט געהאט אין בריינין דעם גרויסען פובליציסט זייערען, דעם גרויסען לעה־רער־באגרינדער זייערען, האבען זיי אין איהם געהאט דעם גרויסען פאעט זייערען, דעם באגייסטערטען און באגייסטע־רענדען אגיטאטאר זייערען. ער האט זיך אין פיעלע מא־מענטען פון זיין שרייבען דערהויבען צו דער גרעסטער מדרגה, צו וועלכער א פובליציסט און אן עסייאיסט קען זיך דערהויבען אין זיין שרייבען. פון פיעלע ארבייטען זיינע ווענען פארשידענע געוויסע צייט־פראבלעמען קלינגט מיט מוזיק און געזאנג אפ אין אונזערע אויערען. ער האט אפט־מאל דורך זיין פעדער א געוויסע שטרעמונג אין אידישען לע־בען אין א צארטער און שעהנער סימפאניע פארוואנדעלט. בריינין אפעלירט ניט צו דער דענקונגס־קראפט פון זיין לע־זער. בריינין ארגומענטירט, כמעט, קיינמאל ניט, אין זיינע בעסערע שאפונגען, ער באמיהט זיך ניט צו באווייזען. אפט־

מאָל אַפּעלירט ער בכלל גאָר אין גאַנצען ניט צום לעזער. אַ סך וועניגער, ווי דאָס שרייבען פון אַנדערע שרייבער. מאַכט זיין שרייבען אַז איינדרוק, ווי ער וואָלט זיך די־דאַקטישע צוועקען שטעלען דורך זיין שרייבען. אָפּטמאָל, ווען מיר לייענען בריינין געפינען מיר זיך אונטער דעם איינ־דרוק גלייך, ווי דער גאַנצער פּראָצעס פון זיין שרייבען וואָלט נאָר זיינע אַז אייגענע זאַך געווען. מיר זעהען דאָן אין דעם פיעל מעהר די פאַרקערפּערונג פון די רעפלעקסיאָנען פון זיינע אייגענע איבערלעבונגען ווי אַז אַרבייט, וואָס ווערט באַוואוסטציליג און באַוואוסטזיניג פאַר יענעם געטאָן.

דאָס איז זיין נשמה־געזאַנג. ער איז אין באַגייסטערונג געקומען פון דעם נייעם און גרויסען, וואָס ער האָט אין און פאַר דעם אידישען לעבען דערזעהן און פאַרטראַכט און עס האָט זיך זיין נשמה צעזונגען.

---

איך בין נאָך דאָן גאָר יונג געווען. איך וועל אָבער קיין מאָל ניט פאַרגעסען דאָס, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, ווען איך האָב זיינע בריעף ווען דעם ערשטען און צוויי־טען קאָנגרעס געלעזען. עס האָט ווירקליך דאָן מיין נשמה אין וואונדערבאַרע צויבער־וועלטען אַרומגעשוועבט. יעדער בריעף איז אַ וואונדערבאַרע סימפּאָניע געווען. יעדער זאַץ דאָרטען איז מיט פּאָעטישער קראַפט פול געווען. שורה נאָך שורה זענען די אַלע שורות פון יעדען בריעף זיינעם וועגען די ערשטע קאָנגרעסען אין גאָלדענע פעדים פאַר אונזערע אויגען פאַרוואַנדעלט געוואָרען און עס האָט זיך פאַר אונ־זערע אויגען אַ וואונדערליכער שעהנער חלום פון די דאָזיגע גאָלדענע פעדים געוועבט. פאַרשכורט בין איך דאָן פון גרויס פרייד און באַגייסטערונג געווען. ביז צו דער מדרגה

פון נבואה האב איך דאן מיינע אויגען מיט פּאַעטישע זע־הונגען געזעטיגט.

און איך געדענק אויך, אין וואס פאר א שעהנעם חלום ער האט מיט צוואנציג יאהר צוריק די אידעע וועגען א אידישען קאנגרעס, וועגען א אידישען סנהדרין פארוואנ־דעלט. מיט וואס פאר א שוואונג און מיט וואס פאר א פּארנעם זי איז דורך זיין מויל אין אידישען לעבען אריינ־געטראטען.

---

און די דאזיגע אויבענאַרויסגערעדטע אייגענשאפטען זענען אויף אַזויפיעל וועזענטליכסטער טייל פון זיין אינער־ליכסטען איך אַלס שריפטשטעלער, אַז נאָר זיי האבען מיר אויך זיין אייגענארטיגען אופן פון שרייבען צו פאַרדאַנקען. אונטער דער ווירקונג פון זייער השפעה האט זיך דער דאזיגער אייגענאַרטיגער אופן שרייבען זיינער פאַרמירט. די אידעע, דער געדאַנק, אין דער אָדער יענער ליטעראַרישער אַרבייט זיינער, קומט ביי איהם שוין באַלד אין אנהויב אין איהר פולען אויסגעשפּראָכענעם אינהאַלט, אין איהר פולער אי־בערצייגענדער קראַפט. זי איז ניט אפּהענגיג פון ביי־אידעען, פון ביי־געדאַנקען, וועלכע זאָלען זי באַגרינדען, פון וועלכע זי זאָל איהרע לעבענסזאַפטען זויגען, אָהן וועלכע זי וואָלט מוזען בלייבען, ווי א ניט־אויסגעפילטער סקעלעט, ווי א טויטע, ניט־איבערצייגענדע פאַרמולא. און דריבער פעהלען ביי איהם גאָר אינגאַנצען די ביי־אידעען, די ביי־געדאַנקען. דער געדאַנק, אָדער די שטימונגען, וועלכע ער וויל איבער־געבען דעם לעזער, זענען אין די ערשטע שורות שוין אין זייער פאַלשטענדיגער פאַרענדיגטער פאָרם פאַרקערפּערט. די אַלע ווייטערדיגע טיילען קומען, כמעט, גאַר אינגאַנצען ניט

דערויף, זיי זאָלען גאַנצער אָדער קלאָרער מאַכען דעם גע־דאַנק זיינעם, נאָר דערויף, זיי זאָלען איהם שטאַרקער מאַכען, זיי זאָלען איהם מיט מעהר נשמה, מיט מעהר באַגייסטע־רונג באַלעבען.

דער זעלבער מאָטיוו, וועלכער איז פון איהם אין זיין פאָלשטענדיגער ענטוויקעלטער פאָרם שוין אין די ערשטע שורות אַרויסגעזאָגט געוואָרען, האַלט זיך אין איין ווידער־האָלען. אַלע מאָל אָבער אין וואָס מעהר באַגייסטערטען טאָן, אַלע מאָל אין אַ וואָס מעהר העלערער פאַרב.

דאָס איז דער נאַטירליכער וועג פון שרייבען פאַר אַ שרייבער, ווען ער שרייבט וועגען זאַכען, וואָס לעבען אַן אינטענסיוו לעבען אין זיין נשמה, וועגען זאַכען וואָס זענען אַ טייל פון זיין אינערליכען איך. דאָס איז דער נאַטירליכער וועג פון שרייבען, ווען די אידעען און עמאָציאָנען, וועלכע, דער שרייבער פאַרקערפערט אין זיין שרייבען זענען ניט אַזוינע, וואָס זענען נאָך ניט אין גאַנצען אויסגעטראָגען גע־וואָרען פון איהם, וואָס באַדאַרפען ערשט אין פּראָצעס פון שרייבען די ענדגילטיגע שלימות פון זייער ענטוויקלונג, פון זייער פאָלשטענדיג קלאָר ווערען פאַר איהם ערוועלבען, נאָר זיי זענען פול אויסגעטראָגען ביי איהם, פאָלשטענדיג פאָרמירטע שוין פון פריהער נאָך.

און די דאָזיגע אייגענשאַפטען האָבען אויך דעם סטיל זיינעם פאָרמירט. עס איז דאָ אין זיין סטיל דער ריטם פון גלויבען, דער טעמפּאָ פון באַגייסטערט זיין. דער שטריך פון זיין פעדער־פּענזעל איז ניט דער רוהיגער, געלאַסענער, האָריזאָנטאַלער שטריך, נאָר דער אומרוהיגער און האַסטיגער ווערטיקאַלער שטריך. זיי צ ע ג י ס ע ן זיך ניט זיינע פאַרבען, נאָר זיי ג י ס ע ן זיך. ניט אין דער ברייט צע־גיסען זיי זיך, נאָר זיי גיסען זיך שפּיציג, ווי פון אַ משופּער

הויך. ווי די כוואַליעס, וואָס איינע די צווייטע יאָגען, אַזוי איז אויך דער סטיל זיינער. איינע ווערטער־בילדער יאָגען זיך נאָך די צווייטע ביי איהם. ניט יעדער אנדער בילד איז גאָר אַ ניי־בילד אינגאַנצען. אין יעדען אַנדער בילד זעהט זיך אָבער אַ קאָליר אַ נייער, יעדער בילד האָט זיך זיין אייגענעם טאָן. פונקט, ווי יעדע איינע פון יענע כוואַליעס, וואָס יאָגען איינע נאָך דער צווייטער, האָט זיך איהרע אייגענע אינדיווידועלע קוואַליטעט, אַזוי האָט יעדע נייע ווערטער־בילד ביי איהם זיין אייגענע קוואַליטעט.

ער איז דער גלויביגסטער צווישען אונז. ער איז דער ערשטער אָפּטימיסט צווישען אונז. און אין יעדער נייע ווערטפולע אידעע, וואָס באַווייזט זיך ביי אונז, טראָגט ער דעם עלעמענט פון שירה אַריין. ער גיט פליגלען גרויסע יעדער ווערטפולער שטרעבונג. יעדע וויכטיגע שטרעמונג פון אונזער לעבען הויבט דורך איהם אָן מיט אַ שפּראַך פון פעסטען גלויבען און האָפען צו רעדען. אונזערע טרוימען ווערען דורך איהם אין פּאָעטישע געשטאַלטען פאַרוואַנדעלט. ער איז אין אַן אַטמאָספערע פון גלויבען און האָפען אויסגעוואַקסען און איז שוין אויף שטענדיג אין דער דאָזיגער אַטמאָספערע געבליבען. ער האָט אין זיין יוגענד די אַנקומענדע טריט פון דעם נייעם אידען און דעם נייעם מענשען דערהערט און ער איז שוין אויף שטענדיג דער אָפּקלאַנג זייערער אין זיין נשמה־לעבען געבליבען. ער רעדט נאָך אויך יעצט וועגען דעם נייעם וואָרט, וואָס דאַרף דער וועלט איהר דערלעזונג ברענגען: אויך יעצט, ווען אויך די אַלטע שעהנע ווערטער וואַלגערען זיך ווי געפּגרטע נבילות אַרום, ווען דאָס מענשליכע מויל האָט גאָר אינגאַנצען אויפגעהערט צו רעדען, נאָר האָט ווי אַ ווילדע חיה ברומען אָנגעהויבען. ער רעדט נאָך אויך יעצט וועגען דעם נייעם מענשען, וואָס

וועט דעם אלטען מענשען זיין תקון ברענגען: אויך יעצט, ווען ווערים עקעלהאפטע דארפען זיך מיט זייער פארוואנד־שאפט צום מענשען שעהמען.

און מיר, פון צווייפעל און יאוש פארגיפטעטע און טיף אין אונזערע נשמות פארוואונדעטע, הערען דאס אלעס און זאגען דאן:

געבענשט זאל ער אונז זיין, דער גרויסער חוני המעגל, דער פארחלומטער וואנדערער, וואס האט אויף אונז מיט זיין שעהנער אטמאספערע פון די שוין־לאנג פארגאנגענע יאהרען א וועה געטאן.

געבענשט זאל ער אונז זיין, דערפאר וואס עס איז דורך איהם „אייביג" לעבען געגעבען געווארען די שטימונגען און פארבען פון אט יענער שוין לאנג פארגאנגענער צייט גע־בענשטער.

און עס טרעפט אז מיר ווערען אמאל אויך היפנאטיזירט פון דער שעהנער געשטאלט פון דעם גייסט פון דער צייט, וואס שפיגעלט זיך אזוי ריין און קלאר אפ אין דעם שרייבען זיינעם, און מיר זאגען דאן:

געבענשט זאל זיין פאר אונז, געמיט־צעבראכענע און אין טיפע און פינסטערע נעכט פון ניט־גלויבען און ניט־האפען זינקענדע, דער רייכער און קלארער שפיגעל פון גלויבען און האפען פאר דעם ביסעל דערהויבונג, פאר דעם בי־סעל דערלייכטערונג, וואס ער האט אונז געגעבען.

# נזירות און קדושה

מיר*) האָבען געלערענט: „מת אחד מן החבורה, ידאגו כל בני החבורה", ווען עס שטאַרבט איינער פון די חברים, זאָלען די אַלע חברים זיינע, די אַלע מיטגלידער פון דעם קרייז, צו וועלכען ער האָט באַלאַנגט, באַזאָרגט זיין.

און מיר שיינט, אַז דאָס וואָס די חכמים האָבען אונז געהייסען באַזאָרגט זיין, ווען עס שטאַרבט אַ נאָהענטער חבר אונזערער, האָבען זיי עס געמיינט ניט נאָר אין דעם זין פון „יזכור לו יום המיתה", ניט נאָר אין דעם זין, אַז זיין טויט זאָל אונז אויך אין אונזער טויט דערמאַנען. זיי האָבען ניט געמיינט מיט דעם, אַז מיר זאָלען זיך אין יענעם מאָמענט פאַר אונזער לעבען שרעקען. מיר שיינט, אַז דאָס זאָרגען, וואָס זיי האָבען אונז פאַרגעשריבען, איז פון אַ פיעל העכערען זין און פון אַ פיעל פיינערען כאַראַקטער. מיר שיינט, אַז אין די ווערטער ליגט אַ פיעל טיפערער געדאַנק בעהאַלטען, אַ פיעל טיעפערער פון אָט יענעם געדאַנק, וואָס ליגט אין זיי פון אויבען־אויף. מיר שיינט, אַז דער עיקר־פשט

*) מיין עסעי וועגען ברענער איז צום ערשטען מאָל אין דער פאָרם פון אַ רעדע — אויף דעם ברענער „שלשים"־אָבענד אין „קופער יוניאָן" — אַרויסגעבראַכט געוואָרען. און ווייל איך האָב ניט געוואָלט ענדערען צופיעל דעם ערשטען כאַראַקטער איהרען, דעריבער טראָגט זי נאָך אויך יעצט דאָ און דאָרטען דעם שטעמפּעל פון אַ רעפעראַט אויף זיך.

פון די דאזיגע ווערטער איז מעהר אין דעם באהאלטענעם אינהאלט זייערער, ווי אין דעם אפענבארען אינהאלט, וואס מיר דארפען ארויסטייטשען פון די ווערטער לויט זייער איינ־פאכען פשט.

לויט מיין מיינונג האבען די חז״ל מיט דעם דאזיגען מאמר געמיינט צו זאגען, אז מיט דעם טויט פון אונזערען א נאהענטען חבר, דארף פאר אונז א מאמענט פון „חשבון־הנפש" קומען; זיין טויט דארף אונז ברענגען דערצו, מיר זאלען איבערדעווידירען אלע אונזערע אנשויאונגען און מיי־נונגען, ביי וועלכע מיר האבען זיך ביז איצט געהאלטען; אלע אונזערע באציהונגען און שטעלונגען, מיט וועלכע מיר האבען זיך באצויגען ביז יעצט צו די אלע פארשידענע פראבלעמען און פראגען. מיט דעם טויט זיינעם דארף פאר אונז א מאמענט פון „הרהור־תשובה" קומען, מיר זאלען באַ־זארגט זיין וועגען אונזערע מעשים, וואס מיר האבען ביז יעצט געטאן, וועגען דעם וועג, אויף וועלכען מיר זענען ביז יעצט געגאנגען.

מיר דארפען דאן אנאליזירען אלעס, וואס דער פאר־שטארבענער האט געלערענט און געפרעדיגט און פארשטעהן און באגרייפען די ריכטיגע כונה פון זיין גאנצען לעבען און ווירקען און דערזעהן זייער אמתען אינהאלט. און אט די ריכטיגע כונה, אט דער אמתער אינהאלט זייערער דארף באטראכט ווערען פון אונז אלס דאס לעצטע ווארט פון פארשטארבענעם, אלס די הייליגסטע צואת שכיב־מרע זיי־נע, אין הארמאניע מיט וועלכער מיר דארפען אונזער אופן פון אויפנעהמען דאס לעבען, אונזער וועלט־אנשויאונג ברענ־גען, אלס די הייליגע צואה זיינע, לויט וועלכער מיר באַ־דארפען אונזער לעבענס־טעטיגקייט ריכטען.

און אויך מיר, וואָס שטעהען יעצט ביים פרישען קבר פון י. ח. ברענער, דאַרפען אַט יענעם חשבון־הנפש מאַכען, מיט אַט יענעם טיפען אַנאַליז זיך באַשעפטיגען. זיין לעבען און ווירקען, זיין אויפפאַסען פון די אידישע פּראָבלעמען, זיין באַציהונג צו די פראַגען פון אידישען לעבען — דאָס אַלץ מוז באַטראַכט ווערען פון אונז אַלס דאָס לעצטע וואָרט פון פאַר־שטאַרבענעם, וואָס דאַרף פאַר אונז שטענדיג אַלס טייערע און הייליגע צוואה בלייבען, און אַלס דער ריכט־שנור פון אונ־זער אידישען דענקען און טראַכטען, פון אונזער גאַנצער טעטיגקייט אין אידישען לעבען אַלס אידישע אינטעליגענטען און אידישע שריפטשטעלער.

---

אין באַצוג צו קיין אַנדערען אידישען שריפטשטעלער האַט מען ניט אַזוי פיעל דאָס וואָרט „קדוש“ נאָך זיין טויט באַנוצט, ווי מען האַט עס געטאָן, שרייבענדיג וועגען י. ח. ברענער נאָך זיין טראַגישען טויט.

און דאָס איז ניט נאָר ל„תפארת המליצה“ געטאָן גע־וואָרען, ניט צוליעב דער שעהנער פראַזע.

„איהו לא חזי, מזליה חזי“.

„אותיות פורחות“.

עס וואַרטען די הייליגע אותיות אויף דעם געגאַרטען מאָמענט.

און ווען ער קומט — קומען צווישען זיי די צרופים פאַר:

זיי קאָמבינירען זיך און באַהעפטען זיך און ווערען אַ וואָרט אַ גאַנץ און לאָזען זיך צום שרייבער פליהען, ער זאָל זיי זייער תקון ברענגען און באַנוצען זיך מיט זיי. אויב זיי, די שרייבער, האָבען נישט אריינגעדרונגען אין טיפען

אינהאַלט פון וואָרט „קדוש" לויט דער קאָנצעפּציאָן, וואָס דאָס אידענטום האָט וועגען באַגריף קדושה, אויב זיי האָבען עס ניט געהאַט קלאָר פאַר זיך, ווי באַהעפט און צוזאַמענגעוואַקסען עס איז דאָס וואָרט „קדוש" מיט דעם וואָרט ברענער, האָט אָבער אויף זיי אַלעמען עפּעס אַ מין אינטואיטיווע השפּעה משפּיע געווען, זיי זאָלען זיך מיט דעם וואָרט „קדוש" באַנוצען, שרייבענדיג וועגען ברענערן.

און ווירקליך, קיין אַנדער אידישער שריפטשטעלער פון אונזער דור האָט ניט אַזוי כשר פאַרדינט דעם נאָמען „קדוש", ווי ברענער האָט איהם פאַרדינט; קיין אַנדערע אידישע שריפטשטעלער פון אונזער דור איז נישט אַזוי טיעף אין דעם „לפני ולפנים" פון דעם מקור־הקדושה, אין דעם „לפני ולפנים" פון דעם קוואַל פון דער **א י ד י ש ע ר** קדושה אריינגעדרונגען, ווי ברענער.

---

איך האָב אונטערגעשראָכען דאָס וואָרט **א י ד י ש ע**, וואָרים די אידישע קדושה איז ווירקליך אַ גאַנץ אַנדערע ווי די ניט־אידישע. און נאָך מעהר: דער ענין פון קדושה איז גאָר אין גאַנצען נאָר אַן אידישער ענין; די נישט־אידישע וועלט פאַרמאָגט גאָר אין גאַנצען קיין קדושה נישט אין דעם וואונדערבאַרען און טיעפען זין, וואָס דאָס וואָרט האָט ביי אידען. די קריסטליכע וועלט פאַרמאָגט דאָס וואָרט קדושה, זי פאַרמאָגט אָבער ניט אָט יענעם פיינעם און טיעפען אינהאַלט, וועלכער ווערט ביי אונז מיט דעם וואָרט קדושה באַצייכענט. נאָר פון **נ ז י ר ו ת** ווייס די אויסערע וועלט, אָבער ניט פון קיין **ק ד ו ש ה**. זיי פאַרמאָגען די קדושה נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל זי איז אַ „שם־נרדף" פון נזירות; זיי פאַרמאָגען אָבער ניט אָט יענעם פּסיכאָלאָגישען

אינהאַלט פון וואָרט, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון אַ פול־פּאַר־צווייגטער און ראַפינירטער ענטוויקלונג, וואָס איז פאַרגעקו־מען אין דער פּסיכיק פון אידישען פאָלק, אַ פּראָדוקט פון פאַרטיפּערונג און פאַרפיינערונג פון זיינע באַגריפען און עמאָציאָנען.

ווארים אין די ערשטע צייטען איז אויך אין דער פּסיכיק פון אידישען פאָלק ניט געווען דער באַגריף וועגען קדושה אַלס עטוואָס באַזונדערעס, אַלס עטוואָס אַנדערש פון נזירות.

לויט דעם פילאָלאָגישען שורש־נשמה זיינעם איז דאָס וואָרט קדושה דאָס זעלבע וואָס נזירות; פילאָלאָגיש זענען זיי נישט נאָר פאַרוואַנדט, נאָר זיי באַצייכענען איין און דעם זעלבען באַגריף: „נזיר“ מיינט אין העברעאישען אַן אָפּגעשיידטער, אַן אָפּגעזונדערטער, אַזוינער, וואָס שטעהט אויסער דער נאָרמע און וועיט פון געוועהנליכען. „נזיר“ מיינט דער יחיד, וואָס געהט זיך מיט זיין אייגענעם וועג און פלאָנטערט זיך ניט אין די וועגען פון רשות־הרבים.

און דאָס זעלבע איז אויך די פילאָלאָגישע באַדייטונג פון וואָרט קדוש *).

לויט דער אורשפּרינגליכער באַדייטונג זיינער מיינט דאָס וואָרט „קדוש“ אַן אָפּגעזונדערטער, אַן אָפּגעשיידטער, אַן אָפּגעטיילטער.

קודש וחול.

חול מיינט דאָס געוועהנליכע, דאָס שכיחדיגע, דאָס וואָס געפינט זיך אין אַ גרויסער קוואַנטיטעט, דאָס צוזאַמענגע־העגדע מיט פילע אַנדערע, צו איהם גלייכע. און קודש איז דער געגענזאַץ פון חול. קודש מיינט דאָס אָפּגעזונדערטע,

*) זעהר רבי נחמן קראָכמאַל, „מורה נבוכי הזמן“, אין קאַפּיטעל „קודש וחול“.

דאס, וואס געפינט זיך אין קליינער קוואנטיטעט, דאס אליין־שטעהענדע, דאס וואס מישט זיך נישט צונויף מיט אנדערע.

קדושה — הייליגקייט אין געוועהנליכען זין — איז, אלזא, לויט דער פילאלאגישער באדייטונג פון ווארט, דאס זעלבע וואס נזירות. פילאלאגיש איז קדוש ווירקליך נאר א שם נרדף פון נזיר. און אין די ערשטע צייטען איז, ווי אויבען געזאגט, אויך ביי אידען בלויז נזירות געווען. ערשט שפע־טער האט דער באגריף קדושה געקראגען א נייעם פסיכאלא־גישען אינהאלט, ערשט שפעטער איז ער געווארען א גאנץ נייער באגריף, וועלכער שטעהט הימעל־וויט העכער פון דעם באגריף נזירות.

---

נזירות איז פעסימיזם, קדושה — אפטימיזם; נזירות איז דאס אנטלויפען פון דער וועלט, דאס פארשעלטען דאס לעבען, דער טיף־אין־זיך איינגעגראבענער אינדיווידואליזם, דא ווען קדושה איז דאס באהעפטען זיך פון יחיד מיט דעם קאלעקטיוו, דאס אנטקעגען־קומען דעם לעבען מיט א ברכה אויף די ליפען, דאס טראגען שטענדיג אויף דעם געזיכט א זוניגען שמייכעל פאר דער גאנצער וועלט.

דער נזיר פארמאגט נאר פאראכטונג און עקעל צום גאנ־צען טומעל פון לעבען און אנטלויפט פון מענשען אין דער מדבר אריין. דער קדוש אבער באגעגענט מיט א ברכה דאס לעבען אין אלע זיינע פארשידענסטע ערשיינונגען.

דער נזיר, דאס איז רבי שמעון בן יוחאי — איידער ער האט דאס ליכט פון „זוהר" דערזעהן — וואס, ווען ער האט פארלאזען די הייל, אין וועלכער ער האט דרייצעהן יאהר אין התבודדות פארבראכט, און איז אויף דער פרייער וועלט ארויס, האט ער די „מניחים חיי עולם ועוסקים בחיי שעה"

געשאלטען. און דער קדוש — דאס איז דער בערדיטשעווער רב, וואס האט געקענט אין יעדער עבירה א מצוה געפינען; דער בערדיטשעווער רב, וואס האט געקענט זינגען לויב־געזאנגען דעם אידען, וואס האט אפגעבאפט די „תפלה טרופה" זיינע, שמירענדיג די רעדער פון וואגען.

דער נזיר, פאראכטענדיג דאס לעבען און פיהלענדיג עקעל צו דעם, זאגט זיך אב פון דעם. דער קדוש אבער, טראכט דעם, וואס ער זעהט די אלע מאוסע זייטען פון לעבען, טראכט דעם, וואס ער פיהלט דעם גאנצען לעבענס־עקעל, אקצעפטירט ער דאך דאס לעבען.

קדושה — לויט דעם העברעאישען אינהאלט, וואס דאס אי־דענטום לעגט אריין אין דעם ווארט — פאראייניגט צוויי באגריפען, צוויי געגענגעזעצטע באגריפען: עס ענטהאלט אין זיך דעם באגריף פון נזירות, פון התבודדות, פון זיין מיט זיך אליין, פון שטעהן איבער אלעם און אלעמען, און צוזאמען מיט דעם באגריף אויך דער באגריף פון צונויפגיסען זיך און צונויפשמעלצען זיך מיט אלעמען. דער נזיר זעהט צוויי באזונדער־שטעהענדע עלעמענטען אין לעבען, אן עלעמענט פון כלו טוב און אן עלעמענט פון כלו רע. דאגעגען זעהט דער קדוש אלעס צונויפגעמישט און צונויפגעגאסען. אמת, ער זעהט א מאל דא און דארט די אויבערהאנט פון עלעמענט פון טוב אדער די אויבערהאנט פון עלעמענט פון רע; אין דער לעצטער שורה אבער זעהט ער דאך אלעס אין מקור־הטוב פאראייניגט.

און, שטייגענדיג פון איין מדרגה צו דער אנדערער, לאזט ער זיך דאן גלייכצייטיג אויך ביז צו די נידעריגסטע מדרגות אראפ, כדי צו ברענגען זיי דעם תקון און פאראייני־גען אלע פארשידענע מדרגות אין איין דערהויבענער מדרגה. אט יענער עלעמענט פון נזירות, וואס לעבט אין איהם, טרייבט

איהם ניט דערצו, אז ער זאל אנטלויפען פון לעבען, נאר, אז ער זאל הייליגען דאס לעבען. געהענדיג איבער דעם וועג פון רשות־הרבים, ציהט ער אויך גלייכצייטיג די גראדע ליניע פון דעם וועג פון דעם רשות־היחיד זיינעם. זייענדיג דער שליח־צבור פון כלל, איז ער גלייכצייטיג אויך מתפלל די תפילת־יחיד זיינע. נישט אין די פעלדער און וועלדער, ווייט פון טומעל פון דער וועלט, ווייט פון קאר־בעדיגען לעבען, פראוועט ער זיין התבודדות. ער בלייבט אין זיין שעהנער און טראגישער התבודדות פארזונקען אויך דאן, ווען ער טרעט אלס לעהרער און וועגווייזער פאר די ברייטע מאסען ארויס. דער נזיר זארגט זיך נאר פאר זיין אייגענער נשמה, זי זאל נישט פארשוועכט ווערען. ער זארגט זיך נאר פאר זיין אייגענער וועלט, זי זאל ניט פארשמוצט און פארפלעקט ווערען; דעריבער אנטלויפט ער פון דער ארו־מיגער וועלט, ער זאל זיך ניט אין איהר זינדיגער נעץ פאר־פלאנטערען. דער קדוש אבער האט פאר זיין אייגענער נפילה קיין מורא נישט; ער גלויבט אין זיך. ער איז זיכער אין זיך, אז ער וועט נישט פארשטויסען ווערען פון דער הויכער מדרגה זיינער, אויף וועלכער ער געפינט זיך, פון דער מדרגה זיינער פון שטענדיגער „עלית נשמה”, און ער זארגט דעריבער שטענדיג דערפאר, אז די נשמות פון אנדערע זאלען אין שטענדיגער באריהרונג מיט זיין נשמה קומען, כדי זי זאל אויך זיי פון איהר קדושה משפיע זיין.

אין גרויסען פייער פון די פראטעסט־געפיהלען, וואס לעבען ניט ווייניגער אין זיין הארצען ווי אין הארצען פון נזיר, צו דער רשעות, וואס הערשט אויף דער וועלט, צו די אלע עקזיסטירענדע כארמען פון לעבען, ווערט די גאנצע ארומיגע וועלט געלייטערט. פון דעם עולם־הבדידות, וואו ער געפינט זיך שטענדיג, שיקט ער דאס ווארט זיינס און

פארזעעט עס ארום און ארום, עס זאל גוטע פרוכט טראגען. א פונק פון דער בענקעניש נאך שעהנערע וועלטען, וואס לעבט אין זיין הארצען, פארקלייבט זיך אויך אין די הערצער און אין די נשמות פון די מענשען, וואס קומען מיט איהם אין באריהרונג, און וועקען אויך אין זיי א בענקשאפט און א באגעהר צו א שעהנערען און ריינערען לעבען.

---

יא, טראץ דעם, וואס פילאלאגיש זענען די צוויי ווער־טער קדושה און נזירות פארוואנדט צווישען זיך, זענען זיי דאך אבער צוויי פארשידענע באגריפען.

און אין אט דעם ענין פון קדושה און נזירות ליגט אויך דער הויפט־פונקט, וואס טיילט פאנאנדער דאס קריסטענטום און אידענטום. נאך א געהעריגען אנאליז פון דעם טיפען תהום, וואס ליגט צווישען די דאזיגע באגריפען, צווישען באגריף נזירות און באגריף קדושה, האבען מיר די מעגליכ־קייט איינצוזעהן, וואס פאר א טיפער תהום עס ליגט אויך צווישען אידענטום און קריסטענטום. וואס דאס קריסטענטום האט אם מעהרסטען באקעמפט אין אידענטום, איז געוועזן דער עלעמענט פון קדושה. וואס עס איז אם וועניגסטען איבערגעגאנגען בירושה פון אידענטום צום קריסטענטום איז אט דער באגריף פון קדושה. די נביאים זענען קדושים גע־ווען אין דעם זין, אין וועלכען איך האב פריהער באצייכענט; זיי זענען נישט קיין נזירים געווען, זיי זענען ווירק־ליך געווען קדושים; זיי זענען געווען היילינע ניט לויט דעם אינהאלט, וואס די גוישע וועלט לעגט אין דעם באגריף אריין, ניט דורכדעם, וואס זיי האבען זיך אפגעזאגט פון די תענוגי־עולם, זיך דערווייטערט פון לעבען, דורכדעם, וואס זיי האבען אויסגעמיטען מענשען, נאר פארקעהרט, דורכדעם,

וואס זיי האבען דורך זייער קדושה דעם חול און קודש פאר־וואנדעלט, דורך דעם, וואס זיי האבען מיט זייער ווארט דאס גאנצע ארומיגע לעבען געהייליגט און געלייטערט. אומעטום, וואו דאס קאכיגע לעבען איז געווען, זענען זיי אויך געווען. איבעראל זענען זיי מיט גאטס ווארט געגאנגען, און האבען זייער איינען לעבען מיט דעם לעבען פון יעדען איינעם, מיט וועלכען זיי זענען אין באריהרונג געקומען, צוזאמענגעגאסען. זיי זענען נישט אנטלאפען פון לעבען, נאר זיי האבען אויף דעם לעבען דעם שטעמפעל פון זייערע גרויסע און הייליגע נשמות ארויפגעלעגט.

אין זייער בענקשאפט נאך דעם שעהנעם און גוטען האָ־בען זיי זיך נישט פון די מענשען דערווייטערט; זיי זענען מיט זיי אין וואס נעהענטערע באריהרונגען געקומען און געלויכטען זיי און געוואַרימט זיי מיט דעם הייליגען פייער, וואס האט אין זייערע נשמות געברענט.

---

אט אזוי זענען געווען די אידישע נביאים, דאן ווען די אפאסטאלען, די לעהרער און פרעדיגער פון קריסטענטום, זענען נאר נזירים געווען. זיי האבען פארשאלטען דאס לעבען און אנטלאפען פון דעם. מיט אינקווי־זיטארישע אויסגעהאלטענקייט האבען זיי זיך און אנדערע אין נעגאטיווער באציהונג צום לעבען גע־שטעלט. זיי זענען פינסטערע אסקעטען געווען, וואס האָ־בען אויף דער וועלט שווארצען, צושטערענדען אנארכיזם פארשפרייט; זיי זענען געווען דער אוראלטער בייזער שלאנג, דער נחש־הקדמוני, וואס האט זיך מיט זיין טויטענדען גיפט אונטערגעגראבען אונטער דיווארצלען פון עץ החיים, וואס דאס אידענטום האט אין לעבען פארפלאנצט. אין נאמען

פון מארגען האבען זיי דעם היינט געשטיינערט. אין נאמען פון מלכות־השמים האבען זיי די מלכות־הארץ פארשאלטען. פון שווארצען פעסימיזם איז זייער הארץ באהערשט געווען, פון שווארצען פעסימיזם, וועלכער וויל חורבן און פארניכ־טונג זעהן איבעראל. זיי האבען אויפגענומען דאס לעבען, ווי א פענאמען, אין וועלכען עס פארקערפערט זיך די נפילה און ירידה פון דער מענשליכער נשמה; זיי האבען באטראכט די וועלט אלס א נעסט פון טומאה, אלס א נעסט פון אב־סאלוטען רע, וועלכער קען נאר אין איהר פארניכטונג, נאר אין איהר פאנאנדערפאל איהר תקון באקומען.

---

און אט אזא קדוש, ווי די אידישע נביאים זענען געווען, איז אויך געווען י. ח. ברענער. די קדושה, אין וועלכער זיין נשמה האט זיך זיין גאנצען לעבען געטובלט, איז אט יענע קדושה געווען, די דעפיניציאן פון וועלכער איך האב אויבען געבראכט.

קיינער האט נישט אזוי טיעף דורכגעלעבט די גאנצע באליידיגונג פון אונזער געפאלענעם אידישען לעבען, ווי ברענער האט עס דורכגעלעבט; קיינער האט נישט אזוי פיעל עקעל געפיהלט צו גאנצע שטיקער פון אידישען לעבען, ווי ברענער האט געפיהלט. און דאך איז ער נישט פון לעבען אנטלאפען, און דאך האט ער זיך קיינמאל נישט אין דער זייט פון אונזער לעבען געשטעלט; ער האט זיך ביז אין די טיפסטע תהומות פון אידישען לעבען אראפגעלאזט מיט יעדען נערוו זיינעם און מיט יעדען ציטער פון זיין הארץ און פון זיין נשמה האט ער דאס גאנצע אידישע לעבען מיט־געלעבט. איך ווייס נישט פון קיין אנדערען צווישען אונז, וואס זאל געווען דורכלעבען די אלע קאטאסטראפעס, וואס

האבען די נשמה פון פאלק דערשיטערט אין די לעצטע צעהנדליגע יאהרען, דעם גאנצען גרויסען אומגליק, וואס האט דאס אידישע לעבען אין משך פון אט יענע יאהרען אין זיינע שוידערליכע צוואנגען איינגעקלאמערט געהאלטען, ווי ברע־נער האט דאס אלעם דורכגעלעבט.

ער איז די טראגישסטע פיגור צווישען אונז געווען. עס האט איהם דער אידישער אומגליק ארומגעיאגט און ארומגע־טריבען שטענדיג. א טיעף פארוואונדעטער אין זיין הארצען און זיין נשמה איז ער ארומגעלאפען און ארומגעוואנדערט פון איין פלאץ צום צווייטען און האט זיך קיינמאל ניט בא־רוהיגען געקענט.

ער איז די טראגישסטע פיגור צווישען אונז געווען און אויך די הייליגסטע. אלעס — אלעס, וואס ער האט פאר־מאגט, האט ער פון זיך ארויסגעבראכט און צום דינסט פאר זיין פאלק געשטעלט. ניט נאר האט קיינער צווישען אונז אזוי פיינליך, ווי ער, דעם גאנצען צער פון אידישען פאלק איבערגעלעבט; ניט נאר האט קיין איינער פון אונז מיט אזוי פיעל פערזענליכען וועהטאג ווי ער די אלע אידישע צרות אויפגענומען; עס האט אויך קיינער פון אונז ניט מיט אזוי פיעל טיעפען ערנסט מיט די פראגען פון אידישען לעבען זיך באשעפטיגט. דאס אידישע פראבלעם איז אין יעדער שטונדע און אין יעדער סעקונדע דאס פראבלעם פון זיין איינען לעבען געווען. ווי גרויס די קינסטלערישע נשמה זיינע איז ניט געווען, האט ער זיך דאך קיינמאל נישט אין קינסטלערישען איבערפראבלעמען און איבער־פראגראמען־עס־טעטיזם געשפיעלט, און קיינמאל פון קינסטלערישען אריס־טאקראטיזם זיך נישט געלאזט באאיינפלוסען. ווי עס האט זיך ניט געפונען באליידיגט זיין עסטעטיש געפיהל פון פיעלע רעגיאנען פון אידישען לעבען, האט ער דאך ניט אויפגעהערט

צו אקערען אונערמידליך דעם באדען זיינעם. ווי גרויס ער איז ניט געווען אלס שריפטשטעלער, האט ער זיך דאך קיינ־מאל ניט אלס אזעלכען באטראכט. ער האט אויף זיך גע־טראגען די פאראנטווארטליכקייט פון אידישען לעבען און האט אלס די הויפט־מיסיאן פון זיין אייגען לעבען באטראכט דירעקט מיטצוהעלפען איבערצובויען עס, מיטצוהעלפען דע־רויף, אז דאס אידישע לעבען זאל שעהנער, ריינער און **גאנ־צער** ווערען.

און ווען עס איז נויטיג געווען האט ער זיך אינגאנצען פון זיין קינסטלערישער נשמה אפגעזאגט, האט ער פון זיך גאר אינגאנצען די שריפטשטעלערישע טאגא זיינע אראפגע־ווארפען און איז קיין ארץ־ישראל געקומען און מיט זיינע הענט דעם באדען פון אידישען לאנד ווי א איינפאכער אר־בייטער באארבייט.

---

ער איז ווי די נביאים א קדוש געווען. ווי טיעף די נשמה זיינע האט זיך ניט עסטעטיש באליידיגט געפיהלט פון גאנצען עקעל פון לעבען, איז ער נישט אנטלאפען פון דעם, נאר ער האט זיך אין זיינע טיעפסטע טיעפענישען אראפגעלאזט און געלייטערט עס און געהייליגט עס מיט דער גרויסע שפע פון קדושה און טהרה, וואס האבען זיך פון זיין נשמה געצויגען. ער האט זיך איבער אלע וועגען פון לעבען אוועקגעלאזט און פאסען ליכט ארום זיך געוואר־פען פון די רייכע באהאלטענע ליכטיגע אוצרות זיינע, וואס ער האט פאר יעדען ברייט פאנאנדערגעעפענט.

און די קדושה זיינע האט זיך אויך אפגעשפיגעלט אין דער באציהונג זיינער צו אט יענע אידען פון אונזער אי־דישער וועלט, מיט וועלכער ער איז נישט געווען אין איין

שורש־נשמה פאראייניגט. עס האט זיך אפגעשפיגעלט אין זיי דער אופן, ווי די אידישע קדושה נעהמט אויף דאס לעבען אין אלע זיינע ערשיינונגען, דער אופן, ווי די אידישע קדושה זעהט די גאנצע ארומיגע וועלט.

אויב אימיצער האט געהאט א רעכט, מען זאל איהם מוחל זיין די ענגהערציגקייט פון זיין קאמף פאר ארץ־ישראל, איז דאס ברענער געווען, ווייל קיינער האט ניט געבראכט און איז ניט גרייט געווען צו ברענגען אזוי פיעל קרבנות פאר ארץ־ישראל, ווי ברענער האט עס געטאן. און דאך האט ער אזוי פיעל הארציגע ליעבע און אזוי פיעל בענקשאפט אויך צום גלות פארמאגט; און ווי טיעף אין זיין נשמה ארץ־ישראל האט ניט געלעבט, פלעגען דאך קומען א מאל פאר איהם — אויך זייענדיג אין ארץ־ישראל — אויך אזעלכע מאמענטען, ווען ער איז פון א שטארקער בענקשאפט נאך דעם גלות באהערשט געווארען און עס האט איהם פון דארטען אהין געצויגען. דאס זעלבע איז אויך געווען מיט זיין באציהונג צו העברעאיש און אידיש: ווי ער איז ניט א העב־רעאישער שריפטשטעלער געווען ביז דעם לעצטען פארבאר־גענעם ווינקעלע פון זיין מארך, ווי עס איז ניט אין דער העברעאישער שפראך און אין דער העברעאישער ליטעראַ־טור זיין גאנץ לעבען געווען קאנצענטרירט, האט דאך זיין באציהונג צו העברעאיש ניט געהאט אט יענעם טעמפען כאראקטער, וועלכען מיר געפינען אין דער באציהונג צו איהר פון פיעלע פראפעסיאנעלע אידיש־פרעסער אונזערע. מיט דער גרעסטער ליעבע און מיט דער גרעסטער אכטונג האט ער זיך באצויגען צו דער אידישער שפראך, צו דער שפראך, אויף וועלכער עס רעדען די הויפט־מאסען פון אי־דישען פאלק; צו דער שפראך, וועלכע איז מיט אזוי פיעל שטארקע און אינטימע פעדים פון און אין דער פאלקס־נשמה דורכגעוועבט און איינגעוועבט.

ווי שטארק עס האבען ניט געלעבט אין זיין הארצען די אידעאלען פון אונזער פארגאנגענהייט און צוקונפט, איז דאך ניט אפגעשוואכט געווארען ביי איהם דער טיעפער אינ־טערעס, וואס ער האט געפיהלט צו די אלטעגליכע אינטע־רעסען פון די ברייטע פאלקס־שיכטען פון פאלק.

---

און אט דאס איז עס די גרויסע ירושה, וואס ברענער האט אונז איבערגעלאזט; אט דאס איז עס די הייליגע צואה, וואס מיר דארפען טייער און הייליג האלטען. שטע־הענדיג ביים קבר פון ברענער דארפען מיר אויפנעהמען דעם אופן, ווי ברענער האט זיך באצויגען צום אידישען לעבען און איהם פאר אונזער אייגענעם מאכען.

די גרויסע צואה, וואס דער פארשטארבענער האט אונז איבערגעלאזט, איז, אז מיר זאלען אויף זיך אין יעדען מא־מענט פון אונזער לעבען א גרויסע און שווערע פאראנט־ווארטליכקייט אלס אידישע אינטעליגענטען פיהלען. דער גרויסער אמת, וואס ער האט אונז געלאזען נאך זיין טויט, איז, אז מיר זאלען ניט די אידישע פראבלעמען אויף דעם שפיץ פון שווערד נעהמען, אז מיר זאלען דערוויטערען פון אונזערע אנשויאונגען דעם עלעמענט פון טעמפער אויסגע־האלטענקייט און אומפרוכטבארען קאמף, אז מיר זאלען נישט פארבייטען ד א ס ג א נ צ ע א ו י ף א ט י י ל, אז מיר זאלען זיך באציהען מיט דער געהעריגער אויפמערקזאמ־קייט און אכטונג צו יעדער באוועגונג און צו יעדער אידעע, וואס איז אין אידישען לעבען פארפלאנצט. די גרויסע צואה, וואס ער האט אונז געלאזט, איז, אז מיר זאלען זיך דערווייי־טערען פון טויטער דאגמאטיק און פון טעארעטישער איינגע־שלאסענקייט און אפגעזונדערטקייט.

דער גרויסער אמת, וואס איז אונז נאך איהם געבליבען, איז, אז מיר זאלען ניט צושניידען דאס אידישע פאלק אויף באזונדערע טיילען, ניט צעטיילען דאס אידישע פאלק אויף באזונדערע קלייזלאך און מנינים, אז מיר זאלען ניט נאר איבער איין וועג זוכען די מיטלען, וואס באדארפען דעם קיום פון אידישען פאלק זיכערען און אונז די דערלייזונג ברענגען, נאר אויף פיעלע און פארשידענע וועגען און אז יעדער איינציגער פון אונז זאל זיין איינגען לעבען מיט דעם לעבען פון גאנצען אידישען קאלעקטיוו צונויפגיסען און צונויפשמעלצען.

# דער חן פון פשטות

„הסגנון הוא האדם" — אין סטיל איז דער מענש פאַרהאַן. אַזוי האָבען אונז די קדמונים געלערענט.

און איך ווייס ניט פון נאָך אַ צווייטען שרייבער צווישען אונז, וועלכער זאָל מיט זיין שריפטשטעלערישער טעטיגקייט אין אַזאַ גרויסער מאָס דעם אמת פון דעם דאָזיגען געדאַנק באַשטעטיגען, ווי עס באַשטעטיגט איהם די שריפטשטעלע־רישע טעטיגקייט פון פאַרשטאָרבענעם. איך ווייס ניט נאָך אַ צווייטען שרייבער צווישען אונז, וואָס דער סגנון זיינער זאָל אַזאַ געטריע אָפּשפּיגלונג זיין פון דעם גאַנצען אינערליכען איך זיינעם, ווי עס איז דער סגנון פון יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי געווען.

זייענדיג אַ וויסענשאַפטלער פון באַדייטענדען ראַנג, אָפּערירענדיג שטענדיג אין זיין שרייבען מיט סטאַטיסטישע ציפערען, מיט אַרגומענטען פון עקזאַקטער וויסענשאַפט, צייכענט זיך דאָך זיין שרייבען מיט אַזאַ מערקווירדיגער לייכט־קייט אויס, מיט אַזאַ צוגענגליכקייט, מיט אַזאַ פאַרשטענד־ליכקייט.

מען קען זיך קוים פאָרשטעלען אַ צווייטען שרייבער, וואָס זאָל וועגען אַזוינע שווערע, ערנסטע טעמען, וועגען אַזוינע קאָמפּליצירטע, וויסענשאַפטליכע פּראָבלעמען, אַזוי איינפאַך, אַזוי צוגענגליך, אַזוי פּאָפּולער שרייבען.

ער איז דער גרעסטער פשטן, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלען, אין זיין שרייבען. זיין פשטות גרעניצט זיך, כמעט, מיט פאַלקסאַרטיגקייט.

עס איז אין דעם שרייבען פון יעדען באדייטענדען זשור־נאליסט, פון יעדען באדייטענדען פובליציסט, ווי בולט עס זאל אין דעם די פיגור זיינע אלס לעהרער, אלס וועג־ווייזער ניט ארויסטרעטען, אין א געוויסען זין אויך ווי א מין ריין־קינסטלערישער עלעמענט פארהאן. דאס שרייבען זיינס איז אין א געוויסען זין אויך א מין קונסט לשם קונסט, שריי־בען לשם שרייבען. ניט גאר אינגאנצען שרייבט ער צוליעב דעם, אנהענגערשאפט פאר זיינע אנשויאונגען צו ערווערבען, א ריכטיגע אריענטאציע אין געוויסע פראגען דעם לעזער צו געבען; נאר צוליעב דעם, ער זאל עהרליך זיין אויפגאבע אלס פאלקס־לעהרער, אלס וועג־ווייזער צו ערפילען. אין א געוויסען זין שרייבט ער ניט נאר פאר יענעם, נאר אויך פאר זיך אליין, אויף א פיעל מעהר דירעקטען, מעהר אונמיטעל־בארען וועג, ווי נאר אין דעם ענגען זין אליין, אויף וויפיעל עס איז אין יעדער טעטיגקייט אונזערע פאר אנדערע, אויך פאר אונז אליין באפרידיגונג פארהאן. ניט וועניגער ווי דאס שרייבען זיינס איז א פראדוקט פון הומאניטארע אספיראֵ־ראציעס: לערנען, אויפקלעהרען אנדערע, איז דאס א פראֵ־דוקט פון קינסטלערישע אספיראציעס. ניט וועניגער, ווי עס איז דאס שרייבען זיינס א דידאקטישער אקט, איז דאס אויך א ריין שעפפערישער אקט, אין וועלכען עס קומט זיין יצירה־דראנג — אין ריין קינסטלערישען זין — צום אויסדרוק.

יעדער איינער באדייטענדער זשורנאליסט שעפט ניט אוים די אויפגאבע פון זיין שרייבען נאר מיט דעם אליין, ער זאל דאס, וואס ער האט צו זאגען, ארויסזאגען. ער לעגט גרויס געוויכט אויך דערויף, אין וואס פאר א פארם עס זאל דאס, וואס ער האט צו זאגען, ארויסגעזאגט ווערען. עס איז אפשר גלייך אין ווערט פאר איהם דער צוועק, וואס ער וויל מיט זיין שרייבען דערגרייכען, מיט די מיטלען, דורך וועלכע ער וויל דעם דאזיגען צוועק דערגרייכען.

ביי איינעם מעהר, ביי אן אנדערען ווייניגער. אבער ביי יעדען איינעם פארנעהמען א וויכטיגען פלאץ אין זיין שרייבען פארשידענע זייטיגע עלעמענטען, פארשידענע רע־טארישע באפוצונגען, פארשידענע עלעמענטען פון שעהן־שרייבעריי, אין וועלכע עס איז קיין נויטווענדיגקייט פאר דעם גוף הענין פארהאן, אין וועלכע עס איז נאר דער עלעמענט פון שרייבען לשם שרייבען פארהאן.

גאנץ אנדערש איז געווען יצחק אייזיק אין דער הינזיכט. ער איז געווען דורכאוים לעהרער, דורכאוים וועגווייזער. זיין גאנצע גרויסע ערודיציע, זיינע אלע גרויסע ידיעות אין די ספעציאלע וויסענשאפטען, וואס ער האט פארמאגט, זיין גאנ־צען וואונדערבארען זכרון, מיט וועלכען ער איז באשענקט געווען, האט ער געשטעלט אין דיענסט פון דער דאזיגער אויפגאבע זיינער, א לעהרער, א וועגווייזער פאר דעם לעזער צו זיין.

איינער פון זיינע פסעוודאנימען איז דער פסעוודאנים „מורה נבוכים" געווען. און, נאטירליך, אויף וויפיעל אט דער פסעוודאנים רופט ארויס אין אונז אן אסאציאציע וועגען דעם מאנומענטאלען ווערק פון איינעם פון די גרעסטע גייסטיגע ריעזען, וואס דאס אידענטום האט פון זיך ארויס־געגעבען — פון רמב"ם — איז דער דאזיגער פסעוודאנים אין באצוג צום פארשטארבענעם באריהמטען זשורנאליסט זיכער א „כתר שאינו הולם אותו" געווען. עס איז איי איהם, אין דעם דאזיגען פסעוודאנים אבער דאך דא די הויפט כאראק־טעריסטיק פון פארשטארבענעם. ער ווייזט אונז, ווי אזוי דער פארשטארבענער האט אויף זיין ליטעראַרישער טעטיג־קייט געקוקט, וואס פאר אן אויפגאבען ער האט זיך געשטעלט. ער באווייזט אונז, אז ער האט אויף זיך הויפטזעכליך, ווי אויף א לעהרער, א וועגווייזער, געקוקט; אז ער האט זיך

הויפטזעכליך, אלס זיין אויפגאבע געשטעלט, צו געבען פון זיין וויסען צו די, וואס האבען זיך גענויטיגט אין דעם.

און דאס, ווי געזאגט, איז ער הויפטזעכליך טאקע געווען. ער איז אלס זשורנאליסט טעטיג געווען מעהר אלס לעהרער, אלס וועגווייזער, ווי אלס שריפטשטעלער.

ער האט אין זינען שטענדיג דעם עיקר אין זיין שרייבען, ארויסצוזאגען דאס, וואס ער האט צו זאגען וועגען א געוויסען ענין; לערנען דעם לעזער צו אריענטירען זיך ריכטיג אין די פראבלעמען, וואס דארפען איהם אינטערעסירען.

און דערפאר אזא „כדבר איש אל רעהו" טאן אין זיין שרייבען; דערפאר אזא איינפאכקייט ,אזא קלאהרקייט, דערפאר אזא אפוועזענהייט פון די אלע פארשידענע „לתפארת־המליצה"־עלעמענטען אין זיין שרייבען.

---

און אט די הויפט־אייגענשאפט פון זיין שרייבען אין דעם עיקר קיינמאל ניט פארגעסען, אין צענטער פון זיין גאנצער אויפמערקזאמקייט איהם שטענדיג צו האלטען, איז אויך געווען די אייגענשאפט פון דעם גאנצען אינטעלעקטועלען מאראלען איך זיינעם.

ווי ער האט זיך בנוגע דער פארם פון זיין שרייבען קיינמאל ניט פארדרעהט אויף זייטיגע וועגען פון שעהן־שרייבעריי; ווי ער האט קיינמאל ניט אפגעצויגען זיין אויפמערקזאמקייט פון דעם הויפט־עיקר, וואס ער האט באצוועקט, אזוי האט ער זיך אויך אין באצוג צום אינהאלט פון זיין שרייבען, אין באצוג צו דעם, וואס ער האט געפרעדיגט, געלעהרענט, אין באצוג צו זיין גאנצען געדאנקען־גאנג, צום אופן רעאגירען זיינעם אויף פארשידענע ערשיינונגען אין לעבען, ניט פארדרעהט קיינמאל אויף זייטיגע וועגען, וועלכע

זאלען אין א גראדער, דירעקטער פארבינדונג מיט א הויפט־וועג ניט קענען געשטעלט ווערען, אין דער פארצווייגטקייט פון וועלכער עס זאל קיין מעגליכקייט ניט זיין א ווייטערע פארטזעצונג פון אן ערשטען אויסגאנגס־פונקט צו מערקען.

די אלע פענאמענען פון זיין גאנצער אינערליכער, אינטעלעקטועלער וועלט זענען אין איין שורש פאראייניגט; די אלע פסקי־מחשבה זיינע, זיינע אלע פארשידענע באציהונגען צו פארשידענע פראבלעמען זויגען זייער יניקה פון איין מקור ראשון אלע.

שארף און בולט מערקט זיך דארטען א הויפט־עיקר, וואס עס ווערט פון איהם אויף קיין מאמענט אפילו די גע־העריגע אויפמערקזאמקייט אוועקגענומען, א הויפט־עיקר, וואס אויף איהם באזירט דארטען אלעס.

מיט דער זעלבער פשטות, מיט דער זעלבער איינפאכ־קייט, מיט דער זעלבער גראדליניענקייט, מיט וועלכע עס צייכענט זיך זיין סטיל אוים, צייכענט זיך אויך אוים זיין ארט דענקען, דער וועג פון זיין אופן אריענטירען זיך אין פארשידענע פראגען. דער האסטיגער שטראם פון די שטור־מישע פאסירונגען פון דער צייט האט איהם קיינמאל ניט פארטראגען מיט זיך, האט איהם קיינמאל ניט צעטומעלט. דער היפנאז פון גרויסע געשעהענישען האט קיינמאל ניט זיין איינפלוס אויסגעאיבט אויף איהם, ער זאל זיך ניט פעסט האלטען אויף דער פאזיציע, אויף וועלכע ער האט זיך באדארפט האלטען, לויט די הויפט־פרינציפען פון זיין וועלט־אנשויאונג, פון זיינע לעבענס־אידעאלען.

מיט מערקווירדיגער איינפאכקייט, מיט מערקווירדיגער גראדקייט האט ער געצויגען שטענדיג א פארבינדונגס־ליניע צווישען דעם אויסגאנגס־פונקט פון די הויפט־פרינציפען פון זיין וועלט־אנשויאונג מיט די נייע פראבלעמען, וואס זענען

ארויפגעשוואומען פאר איהם. מיט קאלטער, ניט פארוויר־טער לאגיק, האט ער געשטעלט צו פראבע שטענדיג די אלע ערשיינונגען פון לעבען, אויף וועלכע ער האט זיך אנגע־שטויסען, אונטער דעם ליכט פון דעם הויפט־עיקר פון סאָ־ציאל־פאליטישען אני־מאמין זיינעם.

און דער דאזיגער הויפט־עיקר איז געווען זיין טיעפע דורכגעדרונגענקייט, זיין טיעפער גלויבען — אין די אלע פיינ־סטע, פארבענרייכסטע שאטירונגען פון דעם דאזיגען טער־מין — אין און פון דעם פרינציפּ פון דעמאקראטיזם, וועלכען ער האט מיט אזא מערקווירדיגער געטריישאפט זיין גאנצען לעבען געדיענט.

די מענשהייט האט אפשר קיינמאל ניט נאך געלעבט אין אזא רעוואלוציאנערער צייט, ווי די איצטיגע איז. צו־זאמען דערמיט האט זי אבער אין איהר נייער געשיכטע אויך קיינמאל ניט אין אזא אומדעמאקראטישער צייט, ווי די איצטיגע איז, געלעבט. עס פארמאגט אונזער דור אזא גרויסע צאהל סאציאליסטען, רעוואלוציאנערען, ווי קיין דור האט נאך ביז איצט ניט פארמאגט. דערפאר פארמאגט אבער אונ־זער דור אזוי וועניג אמתע דעמאקראטען, מענשען, וואס זאל זיי באמת דאס הארץ וועה טאן פאר זייערע מיט־מענשען, וואס זאלען פאר זיי ליעבע, רעספּעקט פארמאגען.

עס האט אונזער דור דעם סוד אויסגעפונען, ווי אזוי מען קען זיין גרויסע סאציאליסטען, גרויסע רעוואלוציאנערען צוזאמען דערמיט, מען זאל אויף דעם שווידערליכסטען אופן די עלעמענטארסטע פרינציפּען פון דעמאקראטיזם פארלעצען, די עלעמענטארסטע מענשליכע רעכט מיט די פיס טרעטען.

עס זענען נאר יחידי־סגולה אין אונזער דור געבליבען, וואס ווייזען זיך פאר אונז אלס טרייע דינער פון די פּרינ־ציפּען פון דעמאקראטיזם.

און איינער פון די דאזיגע יחידי־סגולה איז אויך יצחק אייזיק געווען.

ער איז, ווירקליך, א גרויסער דעמאקראט אין אונזער — אומדעמאקראטישען — רעוואלוציאנערען דור געווען.

דער גייסט פון פרינציפ פון דעמאקראטיזם האט אין די אלע ווינקלען פון זיין נשמה געלעבט. ער האט אן ארגא־נישע אפנייגונג געפיהלט צו די אלע קלענסטע פארמען אפילו פון פארגוואלטונג פון דער מענשליכער פערזענליכקייט, פון פארלעצען די מענשליכע רעכט.

אט דער דאזיגער גייסט, אט די דאזיגע ארגאנישע אפ־נייגונג איז דער הויפט־עיקר ביי איהם געווען, וואס האט די אלע געזעלשאפטליכע סימפאטיען זיינע, די אלע געזע־שאפטליכע אנטיפאטיען זיינע רעגולירט. זיי האבען איהם דיקטירט זיין אריענטירען זיך אין פארשידענע צייט־פראבלע־מען. זיין פאזיטיווע אדער נעגאטיווע באציהונג צו דעם אדער יענעם נייעם סאציאלען דאקטרין, צו די אדער יענע נייע סאציאל־פאליטישע איינפיהרונגען.

---

מען האט קיינמאל ניט באשולדיגט יצחק אייזיקן פאר די אפטע — אין אמתן נאר שיינבארע, נאטירליך — אומ־וואנדלונגען זיינע, פאר זיין איבערוואקלען זיך א מאל פון איין פאזיציע צו א צווייטער, פאר די אקטען זיינע א מאל, דורך וועלכע מען האט איהם געקענט באצייכענען אלס קאמ־פראמיסלער, אלס אפארטוניסט. עס האט איהם קיינער קיינ־מאל ניט פאראורטיילט דערפאר. ווארים קיינער האט ניט אין דער אויפריכטיגקייט, אין דער עהרליכקייט פון יצחק אייזיקן געצווייפעלט. נאר נאך אייניגע געצעהלטע צווישען אונז האבען די זכיה אין אזא גרויסער מאס, ווי יצחק אייזיק,

פון גרויסער אכטונג, פון גרויסען רעספעקט מצד דעם אי־דישען לעזער צו געניסען. מאנכע האבען אבער דאך מיט פארוואונדערונג געקוקט אויף דעם אלעם. מאנכע האבען אבער דאך אין דעם אלעם סתירות געזעהן.

און אויך נאך זיין טויט האט זיך געפונען דא און דארטען צווישען די, וואס האבען געשריבען וועגען איהם, אויך אזוינער, וואס האט אנגעוויזען אויף דער דאזיגער וואקלעניש, אויף די דאזיגע — שיינבארע — אומוואנדלונגען, ווי אויף דער הויפט־אייגענשאפט פון יצחק אייזיקן אלס פובליציסט, אלס שריפטשטעלער. זיי זעהען ניט אין די דאזיגע אומוואנדלונגען נאר נייע ארויסגעבראכטע פארמען פאר אן אינהאלט, וואס בלייבט אין טיפען תוך זיינעם דער זעלביגער שטענדיג. זיי זעהען אין זיי פרינציפיעלע ענדערונ־גען, זיי באטראכטען די דאזיגע אומוואנדלונגען אלס אזעלכע, אין וועלכע עס קומט אלע מאל א נייער אידעען־אינהאלט צום אויסדרוק. זיי, די דאזיגע שרייבער, זעהען די הויפט־אייגענשאפטען פון יצחק אייזיקס גייסטיגער פערזענליכקייט, פון דעם וועזענטליכען כאראקטער־שטריך איהרען אין דעם, וואס ער זאל האבען געוועזען זיין, ווי עס זאל הייסען, א רו־סישער אינטעליגענט. אין דעם, דענקען זיי, דארף מען זוכען די מעגליכקייט צו פארשטעהן, צו ערקלעהרען זיין טעטיגקייט אלס שריפטשטעלער, זיין פארהאלטען זיך צו געוויסע ערשיינונגען אין לעבען. אויף דעם גאנצען אינהאלט פון זיין אינטעלעקטועלער, מאראלישער פערזענליכקייט ליגט, גלויבען זיי, דער שטעמפעל פון דער טיפישער רוסישער אינ־טעליגענטישקייט. זיי שטעלען איהם ארויס אלס אומרו־היגען גייסט אין דעם זין פון זוכען אלע מאל עפעס נייעס פאר דעם נשמה. פון פארווארפען אלע מאל די אלטע אי־דעאלען, אלס א צווייפלער, וואס מאכט דורך ניט מיט פעסטע

זיכערע טריט, דעם לעבענס־גאַנג זיינעם; וואָס זוכט שטענ־דיג, וואָס געהט שטענדיג אַ וואַקלענדער אַרום אין לעבען. זיי שטעלען איהם אַלס אַזעלכען אַרויס, די דאָזיגע אייגענ־שאַפטען קאָנסטאַנטירען זיי אין איהם, ערקלעהרענדיג דער־ביי, אַז די דאָזיגע אַלע אייגענשאַפטען שטאַמען דערפון, וואָס ער איז שטענדיג, ראשית כל, געבליבען דער טיפּישער רוסי־שער אינטעליגענט, וואָס האַלט אין ברעכען די אַלטע געטער כסדר, וואָס האַלט אין איין זוכען נייע געטער כסדר, וואָס אַ טיעף־בענקעניש נאָך דעם אמת, וועלכען ער וויל, אייגענטליך, ניט געפינען קיינמאָל, נאָר זוכען שטענדיג, נאָגט תמיד דאָס האַרץ זיינס, וואָס גראָבט זיך שטענדיג ביז צום בלוטיגען אין דער קראַנקער, מיעדער נשמה זיינער.

דער אמת איז אָבער, אַז אין אַט דעם זין טאַקע איז דער פאַרשטאָרבענער גראַדע וועניגער פון אונז אַלע רוסלענ־דישע אידישע שריפטשטעלער טיפּישער רוסישער אינטעלי־גענט געוועז. עס איז זיך שווער צו פאַרשטעלען נאָך וועניגער צווייפלער, ווי דער פאַרשטאָרבענער איז עס געוועזן. עס איז זיך שווער פאַרצושטעלען די מעגליכקייט אויף אַ נאָך מעהר זיכערען וועג צו געהן שטענדיג, ווי דער פאַר־שטאָרבענער האָט עס געטאָן. אודאי האָט ער געטער געבראָ־כען. עס האָט דאָס אָבער געטאָן שטענדיג אין נאָמען וון זיין אייגאַונאַיינציגען גאָט, צו וועלכען ער האָט זיין גאַנצען לעבען געדיענט, וועלכען ער האָט אפילו אויף קיין איין מאָ־מענט ניט פאַרראַטען. אודאי האָט ער געזוכט שטענדיג. ער האָט אָבער געזוכט ניט נאָר לשם זוכען, נאָר לשם געפינען. ער האָט געזוכט שטענדיג די גענוי־ריכטיגע וועגען, וואָס זאָלען איהם צו זיין הויפּט־ציעל פיהרען. ער איז, ווירקליך, איינער פון די זיכערסטע, פון די אויסגעהאַלטענסטע, פון די

פרינציפּ־פעסטע ביי אונז געווען. לויט אַט די אייגענשאַפ־טען זיינע איז ער פונקט דער היפוך געווען פון דעם טיפּיש־רוסישען געטער זוכענדען און געטער ברעכענדען אינטע־ליגענט.

די דאָזיגע אַלע איבערגעשטרומטע וואַקלענישען, וואָס האָבען ביי מאַנכע אַרויסגערופען פאַרוואונדערונג, וואָס האָבען איינציגע שרייבער געגעבען די מעגליכקייט אַלס געטער־ברעכענדען אינטעליגענט איהם צו שטעמפּלען, זענען אין אמתן ניט מעהר, ווי אויסערליכע געווען, וועלכע האָבען גע־שטאַמט פון אינערליכער פּרינציפּען־פעסטקייט. די דאָזיגע אַלע צופעליגע וועגען, אויף וועלכע ער האָט זיך אויף פאַר־שידענע פּעריאָדען פון זיין לעבען אוועקגעלאָזט, זענען אַלע אין איין אויסגאַנגס־פּונקט פאַראייניגט געווען, האָבען אַלע, ווידער, צו איין ציעל־פּונקט געפיהרט. אין אמתן זענען אין דעם אַלעם ניט נאָר קיין סתירות ניט געווען, נאָר פאַרקעהרט נאָר — זיי זענען אין איין האַרמאָנירענדען גייסט פאַראייניגט געווען.

די מאָטיווען, וואָס האָבען אַרויסגערופען די אַלע פאַר־שידענע טעטיגקייטען אין פאַרשידענע פּעריאָדען פון זיין לעבען, אַלע זיינע מיינונגען, אורטיילען וועגען געוויסע פראַ־גען, וועגען געוויסע ערשיינונגען, זענען אַלע געווען פון איין כאַראַקטער, האָבען אַלע ווי שוין געזאָגט, געוואָרצעלט אין זיין איבערגעבענהייט, אין זיין טרייהייט צו די פּרינציפּען פון דעמאָקראַטיזם, אין דעם וואָס ער האָט אָרגאַניש ניט גע־קענט אַריבערטראָגען קיין פאַרגוואַלטיגונג פון מענשליכער פּערזענליכקייט, ווען דאָס ווערט אפילו געטאָן אין נאָמען פון גרויסע אידעאַלען, אין נאָמען פון הויכע ציעלען. אי ווען ער איז געווען אַ קאָמפּראָמיסלער, אי ווען ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער, האָבען מיר דאָן געהאַט פאַר זיך נאָר

איין יצחק אייזיק — ניט קיין באזונדערע. אי אין דעם ער־שטען פאל, אי אין דעם לעצטען האבען מיר פאר זיך דעם גרויסען דעמאקראט געזעהן. ווארים נאר דאס איז ער צו־ערשט, ווי אויך צולעצט געווען. אי דאס, וואס ער האט זיך אין געוויסע פעלע געוויזען פאר אונז אלס קאמפראמיסלער, אי דאס, וואס ער האט זיך אין אנדערע פעלע אלס רעוואלו־ציאנער געוויזען, האט געשטאמט דערפון, וואס ער איז, ראשית כל, אין שעהנסטען זין פון באגריף, אן אמתער דע־מאקראט געווען. אי די האנדלונגען זיינע אין ערשטען פאל, אי די האנדלונגען זיינע אין צווייטען פאל, זענען דיקטירט געווארען נאר פון זיין הייסער טרייהייט צו די פרינציפען פון דעמאקראטיזם.

מיט יאהרען צוריק, ווען ער האט פארנומען א הויכען אמט אין א גרויסער אידישער „יוניאן“, האט ער א פאזיציע פון א רעוואלוציאנער פארנומען צווישען די אלע אויסגע־פרואווטע, ערפאהרענע יוניאן־פיהרער. ער האט אין קאנ־פליקט מיט די אלטע יוניאן־פיהרער א רעוואלוציאנערען קאמף אנגעפיהרט געגען דעם ביוראקראטיזם, וועלכער, לויט ווי ער האט געגלויבט, האט זיך געפונען אין די „יוניאנס“, א רעוואלוציאנערען קאמף פאר מעהר רעכט פאר די אר־בייטער, צו ערווערבען פאר זיי פון די ארבייטסגעבער, אט יענע אלע רעכט, וואס די ארבייטער, האבען זיך ניט נאר גענויטיגט אין זיי, ניט נאר געדארפט זיי האבען, נאר אויך, לויט ווי ער האט געגלויבט, געקענט זיי האבען.

און אט אזוי האט ער אויך די פאזיציע פון א רעווא־לוציאנער פארנומען, ווען די שווידערליכע וועלט־מלחמה איז געפיהרט געווארען. עס זענען דאן כמעט, אלע אין אונזער שרייבער־קאלאניע פון דעם מלחמה־באציל אנגעגריפען גע־ווארען. די מלחמה האט ביי אלעמען, כמעט, פון אונז

סאנקציע געקראגען. מיר זענען אלע, כמעט, געווארען אונ־טערפיהרער ביי איהר. דער אונטערשיד איז נאר באשטאנען אין דעם, ווער ביי וואס פאר א צד האט אונטערפיהרערשאפט גענומען. די, וואס האבען געגלויבט, אז די גאולה פאר דער מענשהייט וועט קומען דורך דעם, וואס דייטשלאנד וועט איהרע שונאים באזיגען, זענען געווארען דייטשלאנדס צד. די, ווידער, וואס האבען געגלויבט פארקעהרט, אז די אמתע גאולה וועט דאן קומען, ווען דייטשלאנד וועט דוקא פון איהרע שונאים באזיעגט ווערען, זענען ביי דייטשלאנדס צד שכנגד געווארען אונטערפיהרער. אלע זענען אבער זיכער געווען, אז מיט דעם אנקומען פון דער שוידערליכער מלחמה איז די אמתע גאולה־צייט, אויף וועלכער מען האט זיך, אין א משך פון אזוי פיעל דורות די אויגען ארויסגעקוקט, גע־קומען. אלע זענען אבער געווען זיכער אין דער גוואלדיגער גרויסער ווירקונג — צום גוטען — פון דער שוידערליכער מלחמה אויף דעם פראגרעס פון דער מענשהייט. אלע פון אונז האבען דעם פעסטען גלויבען געהאט, אז די גרעסטע מלחמה, גואס איז ווען געווען, וועט אויך די לעצטע זיין. אלע פון אונז זענען זיכער געווען, אז איבער די פיעלע טייכען בלוט־פארגאסענע, וועט די מענשהייט גלייך אין איהר נעגארטען גן־עדן ארייגשווימען.

די פארקויפטע פעדער האט אין דער שטיל, אונטער אלערליי פארשטעלטע מאסקען מיט גרויס ערפאלג געאר־בייט. שטימונג פאר מלחמה צו שאפען, מארד־פאטריאטיזם ביי יעדען איינעם צו וועקען. מענשען זענען אונטער דעם איינפלוס פון א פאבריצירטען היפנאז, פון א פאבריצירטען פסיכאז אין אן אויפגערעגטען היסטערישען צושטאנד אריינגעבראכט געווארען, אין א נעץ פון מלחמה־אינסטינקטען געווארען פארפלאנטערט.

אין די קאנצעלאריען פון די קעניגליכע און פירשטליכע לומפען האט מען די מלחמה פארטראכט, האט מען די מלחמה אנגעהויבען. און אין די קאנצעלאריען פון די פרעסע־אגענטען, פון די פראוואקאטארען, שפיאנען, האט מען איהר אי־דיאלאגיע געשאפען, האט מען אין איהר נשמה אריינגעגעבען.

זיי, אט די באנדע לומפען פון אגענטען און שפיאנען זענען פאר יאהרען לאנג די אמתע ווארטפיהרער פון דער מענשהייט געווען, זענען די אמתע הערשער פון דער גע־זעלשאפטליכער מיינונג געווען. די אלע גרויסע פראפעסא־רען, די אלע גלענצענדע זשורנאליסטען, וואס האבען מיט אזוי פיעל איבערציינגונגס־קראפט, מיט אזוי פיעל אינערלי־כען ברען זייער ווארט אין דער מלחמה אריינגעזאגט, זענען אין אמתן ניט מעהר ווי א מעדיאום פון פראוואקאטארען און שפיאנען געווען.

אלטע ערפאהרענע זשורנאליסטען, אלטע ערפאהרענע פעדער־קעמפער זענען אונטערגעפאלען אונטער דעם איינ־פלוס פון דער פראפאגאנדע פון דעם געמיינעם געזינדעל פון פרעסע אגענטען און פראוואקאטארען. מענשען ווארט־פיה־רער, וואס האבען אנדערע מיט זייער ווארט געפיהרט שטענ־דיג, זענען פון פארקויפטען ווארט פון נידערטרעכטיגע נשמות פארפיהרט געווארען.

דאס איז פארגעקומען אין דער אלגעמיינער פרעסע, און דאס איז אויך פארגעקומען אין אונזער אידישער פרעסע. מיר האבען, כמעט, אלע אויף דעם שטילען אונהערבארען באפעהל פון די פרעסע־אגענטען דעם שוידערליכען קריעג געהייליגט. זי, די שוידערליכע מלחמה, איז פון קיינעם פון אונז ניט פארשאלטען געווארען. מיר האבען אלע, כמעט, נאר א ברכה פאר איהר געהאט.

קלאהרער, דייטליכער אבער, ווי פון די ליפען פון די אלע אנדערע, האט זיך נאר א קללה פון דעם מויל פון יצחק אייזיקן געגען דער מלחמה געהערט. ער איז צום לאגער פון די מחשבי קיצין ניט צוגעשטאנען. זיין מארך איז ניט פארהיפנאטיזירט געווארען פון דער פאבריצירטער מלחמה־שטימונג, ער זאל איהר — דער מלחמה — סאנקציע געבען דורך זוכען פארשידענע צרופים פארמולען, דורך וועלכע עס זאלען באוויזען ווערען די גרויסע גליקען, וואס די מלחמת האלט אין זיך אנגעגרייט פאר דער מענשהייט. ער האט זיך ניט באשעפטיגט מיט די דאזיגע אלע סאציאל־פאליטישע, סאציאל־פסיכאלאגישע חשבונות, וואס האבען באדארפט מיט מאטעמאטישער גענויקייט באווייזען, אז פון דער דאזי־גער מלחמה וועט דער סוף פאר מלחמות צווישען פעלקער גע־בארען ווערען, אז פון דעם שרעקליכען חורבן, וואס די דא־זיגע מלחמה וועט אויף דער וועלט פארזעען, וועט דער שעה־נער, לאנג־געגארטער פאלאץ פון אייביגען גליק ארויס־וואקסען.

ער — יצחק אייזיק — איז אויך אין אט דעם פאל דער רעוואלוציאנער, דער אפאזיציאנער געבליבען. ער איז ניט מיטגעריסען געווארען מיט דעם אלגעמיינעם שטראם. ער האט זיך ניט גלייך מיט אלעמען אויף די גלייכע ווענט גע־לאזט קריכען.

און געבליבען דער רעוואלוציאנער איז ער אויך דא, ווייל ער איז ראשית כל אן אייפעריגער דעמאקראט געוועזן, ווייל אלע זיינע באציהונגען צו געוויסע פראבלעמען, צו נייע פענאמענאלע ערשיינונגען אין לעבען זענען פון אט דעם קארדינאלען פונדאמענטאלען פרינציפ אין זיין וועלט־אנשויאונג רעגולירט געווארען, פון דעם פרינציפ פון דע־מאקראטיע. ער האט אויף אלע פאסירונגען, אויף אלע נייע

שטרעמונגען, וואס האבען פאר זיין צייט פארכאפט דעם מענשליכען געדאנק, געקוקט פון דעם געזיכטס־ווינקעל, אויף וויפיעל זיי פארפעסטיגען, ראשית כל, די שוין ערווארבענע פארשידענע קאטעגאריען פון פרייהייט פאר דעם מענשען, אויף וויפיעל, ווידער, זיי קענען העלפען דערצו, עס זאל דורך זיי נאך מעהר פרייהייט פאר דער מענשהייט ערווארבען ווע־רען. עס איז דעריבער פאר איהם גאר אינגאנצען קיין „מלחמת מצוה" ניט געווען. אלע מלחמות זענען פאר איהם נאר „מלחמת חובה" געווען אין דעם זין, אז מיר מוזען זיך נאר מיט פארדאמונג צו זיי באציהען, אויף וויפיעל זיי מאכען שעהנעם תכלית פון דער גאנצער ערווארבענער מענשליכער פרייהייט, אויף וויפיעל עס ווערט דער מענש אין צייט פון מלחמה אין טויטען מאטעריאל פארוואנדעלט, די מלוכה זאל קענען טאן מיט איהם, וואס זי וויל, אויף וויפיעל דער מענש ווערט דאן ניט נאר פון זיין רעכט צו רעדען, וואס ער וויל, פון זיין רעכט צו שרייבען, וואס ער וויל, פון זיין רעכט צו פארזאמלען זיך, וואו ער וויל, נאר אויך פון זיין רעכט צו לעבען בארויבט.

און דעריבער איז ער אזוי הארטנעקיג געווען די גאנצע צייט אין זיין געגנערשאפט צו דער לעצטער מלחמה. זיין שטענדיגע וואכזאמקייט פאר דעם שיקזאל פון דעם אינסטי־טוט פון דעמאקראטיזם אין לעבען פון דער מענשהייט האט מיט עקשנות זיין בליק געצויגען צו די שוידערליכע בילדער, וואס די מלחמה וועט שאפען אין לעבען. ער האט קלאהר געזעהן דעם חורבן, וואס די מלחמה פארנעהמט זיך אין לעבען אריינטראגען. און אט דער חורבן, ער נאר ער, וואס ער האט געזעהן דורך דער מלחמה קומען, האט די באציהונג זיינע צו מלחמה רעגולירט. דאן, ווען די אנדערע האבען אפ־געשטעלט זייער אויפמערקזאמקייט אויף דעם אייביג־דווי־

ערענדען גליק, וואס וועט אמאל דורך דער מלחמה אנקומען, האט זיך ביי איהם זיין גאנצע אויפמערקזאמקייט קאנצענט־רירט אויף די מיליאנען מענשליכע לעבענס, וואס וועלען דורך איהר אויסגעלאשען ווערען. די דאזיגע חורבן־בילדער, וואס האבען איהם אין אויפציטערונג, אין אויפטרייסלונג געהאלטען, האבען איהם געהאלטען ניכטער, ער זאל ניט פארפיהרט ווערען פון די פאלשע האפנונגען, מיט וועלכע אנדערע האבען זיך געשפייזט, אז דער שוידערליכער גיהנום, וואס וועט דערווייל מיט דער מלחמה פאר דער וועלט קומען, וועט אין א פאנאראמא, אין א גן־עדן פארוואנדעלט ווערען. ניט נאר ער זאל צוליעב דעם די מלחמה סאנקציאנירען, נאר אויך, ער זאל גאר אינגאנצען גלויבען אין זיי.

---

אט אזוי איז ער אין די אלע מאמענטען פון זיין אינ־טעלעקטועלער טעטיגקייט, אין וועלכע ער איז אלס רעוואָ־לוציאנער, אלס אפאזיציאנער ארויסגעטראטען, פריהער, ווי אויך שפעטער פאר אלץ דעם גרויסער דעמאקראט געבליבען, פונקט, ווי ער איז דאס געבליבען אויך אין אט יענע אלע מאמענטען פון זיין אינטעלעקטועלער טעטיגקייט, אין וועלכע ער איז אלס קאמפראמיסלער, אלס אפארטוניסט ארויסגע־טראטען.

זייענדיג א סאציאליסט האט איהם ניט זיין שטרעבען דערצו, ער זאל דאס ענדציעל פון סאציאליזם דערגרייכט ווערען, זיין גלויבען אין דעם, אז עס וועט, ווירקליך, אמאל דערגרייכט ווערען, געפיהרט דערצו, ער זאל קענען זיך ניט קימערען, ער זאל קענען פארגעסען וועגען די דערווייל מעג־ליכע דערגרייכונגס פונקטען פון דעם סאציאליזם איבער דעם וועג פון זיין קאמף פאר זיין ענדציעל. זיי זענען ניט

ווניגער, ווי דער לעצטער אין צענטער פון זיינע אינער־ליכסטע באגעהרען פון זיינע שטרעבונגען געווען. אקצעפ־טירענדיג די מאטעריאליסטישע וועלט אנשויאונג, האט ער די דאזיגע קאנצעפציע זיינע קיינמאל ניט פארנארישט ביז צום צוקומען צו דעם געדאנק, אז אידעאליזם אויף וויפיעל ער איז אפילו מעגליך, ניט צוזאמענגעהענד מיט דעם דירעק־טען קאמף פון דעם פראלעטאריאט פאר זיינע מאטעריעלע אינטערעסען, קען זיין מעגליך נאר ביי אט יענע רייכע אדער ניט רייכע ניט־פראלעטאריער, וואס באלאנגען צו דער סאציאליסטישער פארטיע. אקצעפטירענדיג דאס דאקטרין פון קלאסען־קאמף, האט ער אבער ניט געהאלטען, אז דער פועל־יוצא פון דעם גלויבען דארף זיין האסענדע איזאלירונג פון די אלע ניט־סאציאליסטישע עלעמענטען, ווי פראגרעסיוו, ווי ראדיקאל זיי זאלען ניט זיין, שטעהן אין א שטענדיגען קאמף ניט נאר מיט די אויסגעשפראכענע שונאים פון אר־בייטער־קלאס, מיט די טרעגער פון דער סאציאל־פאליטישער רעאקציע, נאר אויך מיט די, וואס געהען אין א סך פרטים האנט אין האנט מיט זיי, מיט די טרעגער פון סאציאליס־טישען אידעאל.

און דעריבער האט ער שטענדיג געפרעדיגט „פאראיי־ניגונג", אז די סאציאליסטען זאלען זיך, ווען עס איז די נויטווענדיגקייט דערויף פארהאן פאראייניגען מיט די ראַ־דיקאלע, ניט סאציאליסטישע געזעלשאפטליכע עלעמענטען, כדי מיט פארשטארקטע, פאראייניגטע כחות די רעאקציאנערע עלעמענטען צו באקעמפען, אויף וויפיעל עס איז נאר מעגליך נאך מעהר פראגרעסיווען פאליטישען רעזשים צו ערווערבען, נאך מעהר יושרדיגע סאציאלע נארמען אין לעבען צו פאר־פעסטיגען. ער האט ניט געהאלטען, ווי פיעלע „ריינע" סאציאליסטען האלטען, אז עס איז בעסער אלעס צו פאר־

לירען אין קאמף מיט דער גאנצער וועלט, איידער עפּעס דערוויייל צו געווינען אין קאמף מיט נאָר אַ טייל פון איהר; אַז עס איז בעסער, די רעאקציע זאָל ביי איהרע פאַרפעס־טיגטע פּאָזיציעס בלייבען, איידער עס זאָל אפילו אויף איין מאָמענט דער קאמף פאַר דעם ענדציעל פון סאָציאַליזם פאַר־געסען ווערען, איידער מען זאָל אויף אַ ווייל אפילו מיט ניט סאָציאַליסטען זיך חברען.

און דעריבער האָט ער זיך אויך אין דער פּראַקטיק אַזוי געפיהרט, ווען עס איז אין דעם, לויט ווי ער האָט געגלויבט, אַ נויטווענדיגקייט געווען. ער איז צוגעשטאַנען צו דער קאַמ־פּאַניע, וואָס איז אַנגעפיהרט געוואָרען דאָ פון דער פּראָגרע־סיווער פּאַרטיע אין 1912, פאַר דער ערוועהלונג פון רוזוועלט אלס פּרעזידענט, לויפענדיג אַליין אויף דער רשימה פון די פּראָגרעסיסטען אלס קאָנגרעסמאַן, ווייל עס האָט זיך גע־מערקט דאַן — אַלענפאַלס, האָט עס דאַן אַזוי אויסגעזעהן — אַ שטאַרקע פּראָגרעסיווע שטרעמונג אין דער אמעריקאַנער געזעלשאַפט. ער האָט געדענקט, אַז אין אַזאַ צייט, ווען עס זענען דאָ אויסזיכטען אַ שטאַרקען קלאַפּ פאַר דער רעאַקציע צו ברענגען, ווען עס זענען פאַרהאַן אויסזיכטען גרויסע, וויכטיגע דעמאָקראַטישע געווינסען צו ערווערבען, איז דער חוב פון יעדען סאָציאַליסט צו טאָן אַלעס, וואָס ער קען, צו מאַכען זיכער די מפּלה פון דער רעאַקציע, צו מאַכען זיכער דעם זיעג פון די דעמאָקראַטישע פּרינציפּען. און דעריבער האָט ער, ראשית כל, אַליין זיין פליכט געטאָן און אויך אַנדערע צום ערפילען פון דער דאָזיגער פליכט גערופען.

און נאָר זיין הייסער אייפער פאַר די פּרינציפּען פון דעמאָקראַטיזם, זיין אָרגאַנישע שנאה פאַר יעדער פאַרגוואַל־טיגונג פון מענשליכען כלל אָדער פּרט, פאַר יעדער פאַרלעצונג פון זייער פרייהייט, פון זייער רעכט, נאָר דאָס אַלעס האָט

איהם אויך דיקטירט זיין סימפּאַטיע צום באָלשעוויסטישען רוסלאַנד, אין די ערשטע צייטען פון באָלשעוויזם. ווענינער ווי אַלע, איז ער אויך דאַן באָלשעוויק געווען. ער איז פריהער פאַר אַלע אויך דאַן דער גרויסער דעמאָקראַט געווען. מעהר ווי עס איז איז זיין אָננעהמען זיך דאַן פאַר רוסלאַנד סימפּאַטיע צום באָלשעוויזם געווען, איז אין דעם מיטלייד צו רוסלאַנד געווען, איז אין דעם געווען פאַרדאַנונג צו אייראָפּא און אמעריקא פאַר זייער קרימינעלען פאַרוואַרפען די שטריק זייערע אויף דעם האַלז פון דעם דאַזיגען אומגליקליכען לאַנד, פאַרדאַמונג פון די מלוכות, וואָס האָבען אויף דעם היפּאָקריטישסטען אופן די בארויבונג פון אַן אומגליקליך פאָלק, וואָס האָט זיך אין אַ ים פון בלוט געטרונקען פון זיין פרייהייט, פון זיין רעכט אַליין אויסצוקעמפען זיין שיקזאַל, פּראַקטיצירט; וואָס האָבען דיענענדיג טריי די אינטערעסען פון זייערע געלט־זעק, וואָס האָבען זיך דערשראָקען, אַז דער רוסישער באָלשעוויזם זאָל חלילה ניט ברענגע צום וואַקלען זיך אביסעל דעם גאָלדענעם טראָן, פון וועלכען זיי פאַרשפּרייטען זייער ממשלה איבער דער וועלט, האָבען זיי אויף אַ מערדערליך־קאַלטבלוטיגען אופן, ניט אין געגענזייטיגען, גלייכען קאַמף, אַליין מיט גאָר ניט ריזיקירענדיג דערביי, אַליין גאָר ניט אין קאָן איינשטעלענדיג, אַ גאַנץ לאַנד געוואָלט חרוב מאַכען, אַ גאַנץ פאָלק געוואָלט אומברענגען. גלאַנציענדיג פרום מיט די אויגען, אַז זיי געהען די דעמאָקראַטיע פון דער וועלט ראַטעווען, האָבען זיי אַ ריזיג פאָלק אין צאָהל מיט אויסהונגערען געפּייניגט, האָבען זיי אַ ריזיג לאַנד, פון גאָר דער וועלט אָפּשניידען געוואָלט, האָבען זיי די אַלע שוואַרצע כחות פון דעם קראַנקען לאַנד מאָביליזירט, עס זאָל דורך זיי דער חורבן אויף דעם קומען פון אינעווענינ.

ער האָט די דאָזיגע בלוטיג־אַקטיווע אַנטי־באָלשעוויקעס באַקעמפט אויס די זעלבע מאָטיווען, וואָס ער האָט נאָכדעם אַזוי ביטער די באָלשעוויקעס אַליין באַקעמפט. אויך דעם ביטערן קאַמף זיינעם געגען דעם באָלשעוויזם האָט ער אָנגעפיהרט אין נאָמען פון די דעמאָקראַטישע פּרינציפּען, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיעל אייפער זיין גאַנצען לעבען געדיענט. ער האָט באַקעמפט דעם באָלשעוויזם ניט דער־פאַר, וואָס ער שטימט ניט גענוי מיט די אַלע פּסוקים פון קאַרל מאַרקס שלחן ערוך, ווייל ער שטימט ניט גענוי מיט דער אָנגענומענער טעאָריע פון סאָציאַליזם. מעהר, ווי ער האָט איהם באַקעמפט צוליעב וויסענשאַפטליכע מאָטיווען, האָט ער איהם צוליעב „מענשליכע" מאָטיווען באַקעמפט. ער איז, ראשית כל, געווען געגען באָלשעוויזם, אויף וויפיעל ער — דער באָלשעוויזם — האָט טאָג און נאַכט אַ באַוואַ־פענטער פון קאָפּ ביז די פיס געמוזט אַרומגעהן, אויף וויפיעל ער האָט ניט נאָר פאַר סאָציאַליזם, נאָר אויך געגען דע־מאָקראַטיע געקעמפט, אויף וויפיעל ער מוז זיך אין אַזאַ גרויסער מאָס מיט דעם דיקטאַטאָר־אינסטרומענט באַנוצען. וואָרים ער האָט אַזוי פאַרטראָגען ניט געקענט יעדער דיק־טאַטור, וואָס באַצווינגט, וואָס באַהערשט, וואָס טעראָריזירט גרויסע מענשליכע מאַסען, מעג עס אפילו געטאָן ווערען לשם אידעאַל; מעג עס אפילו געטאָן ווערען לשם איינ־פיהרען סאָציאַליזם, מעג אפילו דער טרעגער פון דער דאָ־זיגער דיקטאַטור דער פּראָלעטאַריאַט זיין. וואָרים ער האָט אַזוי פיינט געהאַט יעדער פאָרם פון ביוראָקראַטיזם, מעגען אפילו די דאָזיגע ביוראָקראַטען פּראָלעטאַרישע פיהרער זיין.

אַקצעפּטירענדיג די אידעע וועגען דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, האָט ער אָבער ניט געהאַלטען פון אַזאַ פּראָ־לעטאַרישער דיקטאַטור, וואָס פאַרמאָגט נאָר רשעות, ניט

נאָר צו די ניט־פּראָלעטאַריער, נאָר אויך צו דעם פּראָלעטאַ־ריער אַליין. גלויבענדיג אין דער פאַרווירקליכונג פון סאָ־ציאַליזם, האָט ער, דער גרויסער דעמאָקראַט, ניט פאַרגעסען קיינמאָל, אַז קעמפענדיג פאַר זיין ענד־ציעל, קעמפט דער סאָציאַליזם ניט פאַר דעם גליק פון איין קלאַס, פון איין טייל פון דער מענשהייט, נאָר פאַר דעם גליק פון דער גאַנצער מענשהייט. ער האָט דעריבער ניט געקענט גלויבען אין אַ פאַרווירקליכונג פון דעם סאָציאַליזם, וואָס מוז דורכגע־פיהרט ווערען דורך פּראַקטיצירען גוואַלד טהאַטען איבער דעם גאַנצען פאָלק, כמעט, דורך בארויבען איהם פון אַלע זיינע פרייהייטען, פון אַלע זיינע רעכט. און נאָך ווענינער האָט ער געקענט גלויבען אין אַזאַ פאַרווירקליכונג, וואָס פאַרווירקליכט גאָר ניט, וואָס ניט נאָר ברענגט זי ניט קיין גליק פאַר דער גאַנצער מענשהייט, נאָר זי פאַרמאַגט אויך נאָר אומגליק פאַר אַלעמען.

---

הסגנון הוא האדם.

מיט דער אייגענער גראַדליניענקייט, מיט וועלכער עס האָט זיך זיין סטיל אויסגעצייכענט, האָט זיך אויך אויס־געצייכענט זיין אָריענטאַציע אין די אַלע פאַרשידענע פּראָבלע־מען, וואָס האָבען זיין אויפמערקזאַמקייט צו זיך געצויגען. זי האָט שטענדיג דעם אויסגאַנגס־פּונקט איהרען געהאַט אין דעם איפּער זיינעם פאַר זיין פרייהייטס אידעאַל, אַז וואָס מעהר מענשען זאָלען פון וואָס מעהר פרייהייט, פון וואָס מעהר רעכט געניסען, אין דער אָרגאַנישער שנאה זיינער געגען באַצווינגען די מענשליכע פּערזענליכקייט, געגען פאַר־לעצען די רעכט פון מענשען, געגען בארויבען איהם פון זיין פרייהייט.

קלאָהר, איינפאַך, זיכער, ווי זיין סטיל איז געווען, אַזוי איז ער אויך, ניט וואַקלענדיג זיך, מיט פעסטע, זיכערע טריט געגאַנגען צו יעדער נייער ערשיינונג אין לעבען, צו יעדען נייעם דאָקטרין פון דעם געזיכטס־ווינקעל פון אָט דעם פרייהייטס־אידעאַל, וואָס האָט אַזוי העל פון זיין נשמה אַרויסגעלויכטען. אָט דער אידעאַל זיינער איז זיין ריכט־שנור אין זיין גאַנצער אינטעלעקטועלער טעטיגקייט, זיין לייכט־טורם איבער זיין גאַנצען לעבענס־וועג געווען.

און דערפאַר איז אַזוי פיעל חן געווען אין זיין אינטע־לעקטועלער, מאָראַלער פערזענליכקייט, דער חן פון אויס־געהאַלטענקייט, פון האַרמאָניע, פון שטענדיגער פעסטקייט, פון שטענדיגער זיכערקייט, פון שטענדיגען ניט־פאַרלירען זיך, דער חן פון געשיקטקייט, צו קענען אין אַ גראַדער ליניע, אין בדויסע פאַרוויקעלטע קרייזען זיך אַרומדרעהען, דער חן פון מיט אַזויפיעל פשטות, מיט אַזויפיעל איינפאַכקייט, מיט אַזויפיעל קלאַהרקייט באַציהונגען צו ערשיינונגען און אידעען רעגולירען.

און אויך אויף זיין סטיל רוהט דער דאָזיגער חן, דער חן פון איינפאַכקייט, פון פשטות גרויסער. ער צייכענט זיך מיט אַזאַ מערקווירדיגער פשטות אויס, אַז דורך דעם אַליין דערגרייכט ער שוין אַ געוויסע מדרגה פון קינסטלע־רישקייט, פון קינסטלערישען חן.

ווארים טראָץ דעם, וואָס זיין סטיל איז אַזוי פּאָפּולער, אַזוי איינפאַך, אַזוי קלאַהר, איז ער דאָך אַזוי הימעל ווייט פון דעם באַנאַלען פּאָפּולאַריזאַציע־סטיל. ער איז פריי פון די אַלע געמיינע עלעמענטען, וואָס דער דאָזיגער סטיל פאַר־מאָגט, פון די אַלע ביליגקייטען, פון די אַלע וואולגאַריטעטען, מיט וועלכע דער דאָזיגער סטיל געהט צוזאַמען. זיין סטיל צייכענט זיך אויס מיט תלמיד־חכמישען הומאָר, מיט לומדיי־

שער פקחות. אין געגענזאץ צו יענעם באנאלען פאפולארי־
זאציע סטיל פארמאגט ער אינדיווידואליטעט. עס איז א
יצחק אייזיקשער סטיל. פאפולער, ווי דער דאזיגער סטיל
איז, איז ער דאך זיין אייגענער.

און דערפאר רוהט אויך אויף איהם — אויף דעם סטיל
זיינעם — דער זעלבער חן, וואס האט אויף איהם אליין גע־
רוהט.

# טראַגישער קאַמף

גענוועגליך איז אַ שריפטשטעלער אַזוי גרויס, ווי גרויס עס איז דאָס וואָרט זיינס. יעדער שריפטשטעלער גיט אין דעם, וואָס ער שרייבט אָדער אין דעם, וואָס ער רעדט, דאָס, וואָס ער קען געבען, דאָס, וואָס ער פאַרמאָגט. עס טרעפען זיך אָבער אַמאָל ביי אַ שריפטשטעלער מאָמענטען פון דער־הויבונג אָדער מאָמענטען פון פאַלען. עס טרעפט אַמאָל ביי אַ שריפטשטעלער פון ניט גרויסער באַדייטונג, אַז דאָס וואָרט זיינס, אין אַ געוויסען מאָמענט, וואַקסט איהם איבער. ער איז דאַן דאָס וואָרט זיינס ניט ווערט. דאָס וואָרט זיינס איז דאַן פיעל גרעסער פון איהם. דער דאָזיגער שריפט־שטעלער האָט אין יענעם מאָמענט אַן „עלית נשמה“ געהאַט, צו אַזאַ מדרגה פון דערהויבונג דערגרייכט, וואָס אַזוי, גע־וועהנליך, באַזיצט ער גאָר ניט אָט יענע „הכנה נפשית“, דורך וועלכער ער זאָל קענען געפיהרט ווערען צו איהר.

און דאָס אייגענע פאַרקעהרט.

עס טרעפט אַמאָל אויך ביי שריפטשטעלער ריעזען, ביי שריפטשטעלער גייסטער גרויסע מאָמענטען געוויסע, אין וועלכע דאָס וואָרט זייערס קען זיך ניט צו זייער הויך דערהויבען. דאַן ווען אין ערשטען פאַל איז דער קליינער שריפטשטעלער דאָס גרויסע וואָרט ניט ווערט, איז אין צווייטען פאַל פאַרקעהרט, דאָס קליינע וואָרט איז דעם גרויסען שריפטשטעלער ניט ווערט. דאָס וואָרט, וואָס ווערט פון זיי אין יענע מאָמענטען אַרויסגעזאָגט, איז פיעל קלענער

פון זיי. עס איז עפּעס אַ מין „יוצא דופן" אין זייער שאַפן. עס האָט ניט קיין אחיזה אין דעם שורש נשמה זייערן. עס איז אין דער בחינה פון „כשגגה היוצא מלפני השליט". ניט אין אַ מאָמענט פון „כנוח עליו הרוח" ווערט אָט דאָס וואָרט פון די דאָזיגע גרויסע גייסטער אַרויסגעזאָגט, נאָר אין אַ מאָמענט פון „כסר מעליו הרוח", אין אַ מאָמענט, ווען ער פאַרליערט די „מדרגות" זיינע, אין דעם מאָמענט, ווען עס קומט מיט איהם אַ „נפילה" פאָר.

און אין אָט אַזאַ נפילה־מאָמענט, שיינט מיר, האָט זיך אויך זאַנגוויל געפונען, ווען ער האָט די רעדע זיינע גע־האַלטען אויף דעם „פּיפּעלס־אַרט"־באַנקעט. טראָץ די אייני־גע גייסטרייכע שטעלען, וואָס האָבען זיך געפונען אין איהר, איז זי דאָך אין אַלגעמיין זיכער דעם גרויסען גייסט פון זאַנגוויל ניט ווערט געווען.

איך בין כלל ניט איינשטימיג מיט די, וואָס באַהויפּ־טען, אַז אין דער רעדע זיינער האָט ער אַליין אַלס אויס־געשפּראָכענער אַנטי־ציוניסט זיך געשטעמפּעלט. פאַר־קעהרט. ווי ניט פאַראייניגט עס זענען געווען אין איהר די פאַרשידענע טיילען איהרע, ווי ניט דיסציפּלינירט עס האָבען אין איהר די באַזונדערע פּאַראַגראַפען אַרומגעשוואָר־מען, האָט זיך דאָך אַרום זיי אַן אַטמאָספערע פון ניט נאָר סתם האַרמאָניע געפיהלט, איז דאָך ניט שווער געווען צו געפינען אין זיי די נויטיגע עלעמענטען, דורך וועלכע עס זאָל ניט נאָר סתם פאָלקאָמע פאַראייניגונג קענען דורכגע־פיהרט ווערען דורך אָט יענע אַלע באַזונדער שטעהענדע פּאַראַגראַפען איהרע, נאָר אויך אַן האַרמאָניע וואָס באַזירט אויף ציוניסטישער אַנשויאונג, אַ פאַראייניגונג, וואָס דער שווערפּונקט איהרער איז אייגענאַרטיג ציוניסטיש דענקען.

מעגען אנדערע מיינען, אז דער אויסשליסליכער אינ־האלט פון דעם טייל פון זיין רעדע, וואו ער האט וועגען ציוניזם גערעדט, איז אן אויסגעשפראכען באקעמפען פון ציוניזם געווען. דער אמת איז ניט מיט זיי. דער אמת איז, אז אויך אויף יענעם באנקעט האט זאנגוויל ניט נאר באקעמפפט דעם ציוניזם, נאר אויך געקעמפפט פאר דעם ציוניזם. מעגען די אנטי־ציוניסטען דענקען, אז זאנגוויל האט מיט זיי חברותא געשלאסען, אז צוזאמען מיט זיי שלאפט ער די אלע נעכט זיינע אין איין אנטי־ציוניסטיש בעטעל איבער. דער אמת איז אבער, אז זאנגוויל איז דערווייל נאך זעהר ווייט פון צו זיין א „חבר" זייערער. דער אונטערשיד צווישען איהם און זיי באשטעהט, אמת, אפילו אין א קליינינקייט. די דאזיגע קליינינקייט איז אבער פון זעהר גרויסען ווערט. דער אונטערשיעד צווישען איהם און זיי באשטעהט אין דעם, וואס ער איז — אדער, אלענ־פאלס, דענקט ער אליין, אז ער איז — א הונדערט פראצענטיגער ציוניסט, און זיי זענען הונדערט פראצענטיגע אנטי־ציוניסטען. ער שוידערט אויף, פארלירט דעם גלייכ־געוויכט זיינעם יעדען מאל, ווען עס ווייזט זיך איהם אויס, אז מען וויל ביי איהם דאס רעכט אוועקנעהמען, אלס ציוניסט זיך באטראכטען. און זיי וואלטען זיך פאר שרעק אין די ארעמס פון טייוועל געווארפען, ווען עמיצער וואלט אויף זיי דעם חשד פון זיין גענייגט צום ציוניזם געווארפען. זיי באקעמפפען דעם ציוניזם אין זיין איצטיגער פאזע, פונקט ווי זיי וואלטען איהם באקעמפפט אין יעדער אנדער פאזע. ניט דערפאר, חלילה, באקעמפפען זיי דעם איצטיגען ציוניזם, ווייל ער איז ניט גענוג כשר פאר זיי, ניט גענוג ציוניסטיש, ווייל זיי ווילען א מעהר אינהאלטפולען, צו די היסטארישע טראדיציעס מעהר געטרייען ציוניזם. זייער

באקעמפפען דעם ציוניזם איז א „לבן בקש לעקור את הכל" אנטי־ציוניזם. ביי זיי איז דער הערצל־ציוניזם ניט ווענינער פארהאסט, ווי דער ווייצמאן־ציוניזם, און אויך הערצל אליין איז ביי זיי ניט קיין גרעסערער מיוחס ווי ווייצמאן איז ביי זיי. אין דעם נאמען פון אנטי־ציוניזם פיהרען זיי דעם הייליגען קאמפף זייערען געגען דעם ציוניזם. און אויסשליס־ליך נאר דערפאר, וואס זיי זענען א נ ט י ־ צ י ו נ י ס ט ע ן באקעמפפען זיי איהם, דאן, ווען זאנגוויל באקעמפפט דעם ציוניזם אין זיין איצטיגער פאזע ווירקליך נאר דערפאר, וואס ער איז ניט, לויט ווי ער דענקט, דער ווירדיגער המשך פון היסטארישען ציוניזם, פון דעם הערצל־ציוניזם. אין נאמען פון הערצל באקעמפפט ער ווייצמאנען, און אין נאמען פון הערצל־ציוניזם באקעמפפט ער דעם ווייצמאן־ציוניזם. דער קאמפף, וואס זאנגוויל פיהרט אן געגען דעם נעגענווערטיגען ציוניזם, איז ווירקליך א קאמפף וואס ווערט פון א הונדערט פראצענטיגען — אדער אזוינעם, וואס בא־טראכט זיך, אלענפאלס, אלס אזעלכען — ציוניסט אנגע־פיהרט. באקעמפפענדיג דעם ציוניזם אין זיין איצטיגער פאזע, קעמפפט ער דערמיט פאר דעם ציוניזם, ווי ער פאר־שטעהט איהם, ווי ער וויל ער זאל זיין. אין דער איצטיגער פאזע זיינער—פארזיכערט אונז זאנגוויל—צי ער איז גערעכט צי ניין — דאס איז ניט די פראגע איצט — האט דער ציוניזם אנגעוואוירען דעם גאנצען „שאר רוח" זיינעם. מען האט, גלויבט ער, דעם גרויסען אידישען אידעאל אין קליין־געלד פארוואנדעלט. ער באקעמפפט דעריבער די איצטיגע אויסדרוק־פארמען זיינע, שטרעבענדיג צו זעהן איהם ווידער אויף זיין געהעריגער הויך זיך האלטען.

און אין דעם זין האט ער אויך גערעדט אויף דעם או׳בענדערמאנטען באנקעט.

אמת, ער האָט געזעדט מיט אַ געוויסער מאָס פון גרינגשעצונג וועגען קרן־היסוד; אמת, ער האָט געפונען פאַר מענליך צו דערלאָזען, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען דער איינדרוק פאַר די צוהערער זיינע, אַז די קרן־היסוד זאַמלונגען דאַרפען אלס ניט מעהר וויכטיגע ארבייט באַטראַכט ווערן. ווי די זאַמלונגען פאַר דעם „אַרט" פאַנד. ער האָט עס אבער גאַנץ קלאָהר געמאַכט, אַז די דאָזיגע מיינונג זיינע וועגען דעם ציוניזם איז ניט וועגען דעם ציוניזם בכלל, נאָר וועגען דעם ציוניזם, וואָס ער זעהט איצט פאַר זיינע אויגען, וואָס איז פון זיין היסטאָרישען וועג אראָב. זיין דורכגע־דרונגענקייט מיט איבערגעגעבענקייט צום ציוניסטי־שען אידעאַל האָט ער גאַנץ בולט אַרויסגעוויזען דורך דעם, וואָס ער האָט אונטערגעשטראָכען, אַז ווען עס וואָלט זיך האַנדלען וועגען דעם, עס זאָל דורך דעם קרן־היסוד רעאַליזירט ווע־רען דער ציוניסטישער אידעאַל אין דעם ריכטיגען ניט גע־פעלשטען אינהאַלט זיינעם, וואָלט גאָר קיין רייד אפילו ניט געקענט זיין וועגען דעם, אַז עס זאָל אפילו אַ שוואַ־כער פּאַרזוך געמאַכט ווערען אירגענד וועלכע אַנדערע גרויסע פאָלקס אַקציע, ווי גרויס איהר וויכטיגקייט זאָל ניט זיין, גלייך אין ווערט מיט דעם קרן־היסוד צו שטעלען, אַז פאַר דער פאַרווירקליכונג פון ציוניזם אין דער ריינעם פאָרם זיינער קענען גאָר קיין צו גרויסע קרבנות ניט זיין. אַז ווי גרויס עס זאָל ניט זיין די לעבענס־נויטיגקייט פון גע־וויסע פאָלקס־ארבייטען פאַר דער געגענוואַרט פון אידישען פאָלק, וואָלט ער זיי מקריב געווען צוליעב דער ארבייט פאַר דער פאַרווירקליכונג פון ווייטען גרויסען ציוניסטישען אידעאַל.

און אויך דער איינדרוק, וואָס מען קען באַקומען פון דעם רעפּאָרט, וואָס איז געווען געדרוקט אין „מאָרגען זשור־

נאל", וועגען זיין רעדע, אז זיין דערהויבונג פון דעם „ארט" אויף דעם חשבון פון דער דערניעדערונג פון קרן־היסוד איז אויף אזוי ווייט געגאנגען, אז ער האט ערקלעהרט, אז צו־ליעב דער גרויסער אונפארגלייכבארער וויכטיגקייט פון דער „ארט"־טעטיגקייט, דארף די זאמלונג פון פאנדען פאר דעם „ארט" זיין די באשעפטיגונג ניט נאר פון איין באגרעניצ־טער גרופע מתעסקים, נאר די ארבייט פון דעם גאנצען אידישען פאלק, אז דער הויפט־זין פון דעם לעבען און עק־זיסטענץ פון א אידישען קאנגרעס קען באשטעהן נאר אין דעם, אז ער — דער אלוועלטליכער אידישער קאנגרעס — זאל אלס דעם אויסשליסליכען אינהאלט פון זיין טעטינקייט ערקלעהרען די הילפס־ארבייט פון דעם „ארט" מעגליך צו מאכען: אויך דער דאזיגער איינדרוק קען בשום אופן קיין אחיזה ניט האבען אין דעם, וואס זאנגוויל האט, ווירקליך, געזאגט אין דעם טייל פון זיין רעדע, וואס ער האט צום אידישען קאנגרעס געווידמעט.

אלעס, וואס ער האט גערעדט אין דעם מאמענט, איז אויף א האר אפילו קיין פועל־יוצא ניט געווען פון זיין ווע־לען ארויסשטעלען די זאמלונגען פאר די פאנדען פון „ארט" אלס די איינציגע, גרויסע, וויכטיגע טעטיגקייט. וואס דארף די אנערקענונג פון גאנצען פאלק האבען; איז אויף א האר אפילו קיין פועל־יוצא ניט געווען פון זיין וועלען אין דער קלענסטער מאס אפילו, די וויכטיגקייט פון די קרן־היסוד זאמלונגען צו פארקלענערען, נאר א פועל־יוצא פון זיין וועלען אויך אויף יענער פערזאמלונג קלאר באקאנט מאכען זיינע אנשויאונגען וועגען דעם, ווי אזוי אידישע פאליטיק דארף געפיהרט ווערען. און נאר איבער די ליניע — און ניט איבער קיין אנדער ליניע — פון די דאזיגע אנשויאונגען זיינע האט זיך געצויגען דאס אלעס, וואס ער האט אין

יענעם טייל פון זיין רעדע גערעדט. ער האט דא כלל ניט גערעדט וועגען דער וויכטיגקייט אדער אונוויכטיגקייט פון די אדער יענע פאנדען, פון די אדער יענע געלד זאמלונגען. מעהר ווי ער האט נאר אינגאנצען זייער פרינציפיעלע זייט באריהרט אין דעם טייל פון זיין רעדע, האט ער זיך אפּגעשטעלט אויף דער טעכנישער זייט זייערער, האט ער גערעדט וועגען דעם אופן, ווי אזוי די דאזיגע זאמלונגען דארפען דורכגעפיהרט ווערען. איבערגעהענדיג פון די פונקטען אין זיין רעדע, אין וועלכע ער האט אונטערגעשטראכען זיין באהויפּטונג, אז עס קען גאר קיין רעדע ניט זיין וועגען דעם. מען זאל קענען נעגאטיוו זיך פארהאלטען צו דעם פאנד, וואס דער „ארט" וויל זאמלען, צוליעב די מאטיווען פון זעהן אין דעם א קאנקורענץ צו דעם קרן־היסוד, האט ער צו דעם אלעם צוגעגעבען, אז טראץ דעם, וואס פרינציפּיעל גענומען דעם עניין, קען מען דא, ווירקליך קיין עלעמענט פון קאנקורענץ ניט זעהן, קען מען אויסערליך אין דעם יא עטוואס אזוינס זעהן.

און אזוי ארום — איז ווייטער פארטגעזעצט געווארען זיין געדאנקען־גאנג — קענט איהר אויך אין דעם א באווייז האבען, ווי ווייט ריכטיג עס זענען מיינע אנשויאונגען וועגען דעם, וואס אזוינס עס בּאדארף אידישע פאליטיק זיין, א באווייז וועגען דעם, ווי ריכטיג עס איז מיין מיינונג, אז אלע אונזערע טעטיגקייטען פאר דעם מאטעריעלען און גייסטיגען אויפבוי פון אונזער פאלק דארף אנגעפיהרט ווערען פון איין אגענטור; אז דער אידישער קאנגרעס דארף אט יענער גרויסער אידיש־פאליטישער צענטער זיין, וואס פון איהם זאלען די אלע פערשידענע פארצווייגונגען פון אונזער פאלקס־אקציע ארויסגעהן; דער גרויסער אידיש־פאליטישער צענטער, דורך וועלכען סע זאלען אלע אונזערע

פארשידענע ארבייטען אין איין הארמאנישער, פאראייניג־
טער און אויסגעהאלטענער טעטיגקייט פאראייניגט ווערען;
אז דער אידישער קאנגרעס דארף דער העכסטער אויטא־
ריטעט אין אידישען לעבען זיין, וואס זאל דער איניציאטאר
און דער דורכפיהרער זיין פון אלעם דעם, וואס דארף ביי
אונז געטהון ווערען. ווארים דאן, ווען איצט קען אויסערליך
דאך אויסקוקען, אז דער קרן־היסוד און דער „ארט" פאנד,
למשל, פיהרען אן א קאנקורענץ צווישען זיך, וואלט אויך
ד א ס אויסגעמיטען געווארען, ווען מיר נידעג דעם אידישען
קאנגרעס אט די אנערקענונג, וואס ער וואלט באדארפט
האבען, ווען עס וואלט איהם איבערגעגעבען געווארען די
פונקציע, ער זאל פארוואלטען די אלע נויטיגע פאלקס־
ארבייטען אונזערע. דאן וואלט דער קאנגרעס אנגעפיהרט
מיטביידע זאמלונגען, און וואלט פון דעם נאציאנאלען בו־
דזשעט, וואס ער וואלט געהאט אין זיין רשות, באשטימט
פאר יעדען אינסטיטוט באזונדער א געוויסע סומע לויט
א געהעריגען אורטייל און אבשאצונג, לויט דעם מאסשטאב
פון די אויפגאבען, וואס יעדער איינער פון זיי האט פאר זיך.

עס איז אלזא קלאר נאך דעם אלעם, אז אויך אין דעם
טייל פון זיין רעדע, וואו ער האט גערעדט פון דעם „ארט"
אין צוזאמענהאנג מיט דעם אידישען קאנגרעס, איז ער ניט
אויסען געווען צו שלאגען דעם ציוניזם, נאר צו שטארקען
איהם, לויט זיין מיינונג, אז אנשטאט ער זאל זיין די זארג
נאר פון איין פארטיי, וואס ווערט פון איין ארגאניזאציע
פארטראטען, זאל ער זיין די זארג פון דעם גאנצען פאלק,
וואס וואלט אין אידישען קאנגרעס זיין פארטרעטער געהאט.

---

און דאך איז אמת, וואס איך האב אויבען געזאגט, אז
אין אלגעמיין איז די רעדע, וואס ער האט אויף דעם „פי־

פעלם־רעליף"־„ארט"־באנקעט געהאלטען, ניט ווערט געווען איהם, אז יענער מאָמענט איז פאר איהם א נפילה־מאָמענט געווען: אויב ניט צוליעב די מיינונגען און באהויפּטונגען, וואָס זאנגוויל האָט אין איהר ווענען דעם ציוניזם ארויס־געזאגט, איז צוליעב דעם, וואָס זיי זענען אויף יענער פאר־זאמלונג אויסער צייט און אויסער פּלאַץ געווען. אויב ניט צוליעב דעם עקזאקטען אינהאלט, וואס אַט יענער טייל פון דער רעדע זיינער האָט ענטהאלטען, איז צוליעב דעם, וואָס מיט מיין גאַנצען למוד־זכות אויף איהם, מוז איך צוגעבען, אז ער איז ניט געווען — אדער ער האָט ניט געקענט זיין — פּאָרזיכטיג גענוג צו פּאָרמולירען זיינע רייד אזוי, ער זאָל קיין מעגליכקייט ניט געבען לרעפּאָרטער טועה לטעות בדבריו, ער זאָל זיי פּאָרמולירען אזוי, אז עס זאָל קיין מעג־ליכקייט ניט זיין פאר די ציוניסטען־פּרעסער, וואָס ווילען ווילען בייזוויליג זיינע רייד אויסטייטשען, ארויסשטעלען זיין קאַמפּף פאר דעם ציוניזם אלס א קאַמפּף געגען דעם ציוניזם.

דעם ערשטען פעהלער איז ער באגאנגען שוין דערמיט אליין, וואָס ער האָט גאר אינגאַנצען געפונען פאר נויטיג און מעגליך צו דערמאנען דעם קרן־היסוד אין צוזאמענהאנג מיט דעם וואָס ער האָט געוואָלט און געהאַט צו זאָגען ווענען דער וויכטיגקייט פון דעם פאָנד, וואָס די „ארט" אָרגאַני־זאציע וויל שאפען. דער ענין פון זאמלען געלד פאר דער „ארט" ארגאַניזאציע, זי זאָל קענען אנגעהן מיט איהר טע־טיגקייט, איז קלאָר אין זיך אליין, מען זאָל דאַרפען ציהען פּאַראַלעלען צווישען דעם „ארט" און אנדערע אינסטיטוציעס, פון וואָס פאר א טיפּ זיי זאָלען אפילו ניט זיין, וואָס באַ־שעפטיגען זיך מיט געלד זאמלונג. די נויטווענדיגקייט פון דער „ארט" ארגאַניזאציע איז צו בולט, מען זאָל קענען

מורא האבען, אז צוליעב די אינטערעסען פון אן אנדער פאלקס־אינסטיטוט, פון וואס פאר א כאראקטער ער זאל אפילו ניט זיין, זאל מען קענען זי דן למיתה זיין. עס איז קיין אורזאכע ניטא צו באשעפטיגען זיך מיט דערווייזונגען פון דער וויכטיגקייט צו זאמלען געלד פאר דער „ארט" ארגאניזאציע איבער דער ליניע פון פארגלייכונגען מיט דעם קרן־היסוד, אפילו ווען דאס ווערט געטאן אויף אן אופן, דורך וועלכען עס ווערט, דירעקט אדער אונדירעקט, אונטער־געשטראכען דער „יתר שאת" פון דער וויכטיגקייט פון לעצטען, אפילו ווען דאס ווערט געטאן אין דעם זין צו באווייזען, אז מען דארף קיין מורא ניט האבען, טאמער דיקטירען אונז אונזערע פליכטען פאר דעם קרן־היסוד, מיר זאלען זיך ניט באטייליגען אין געלד־זאמלונגען פאר דעם פאנד פון „ארט". און יעדער איינער, וואס טהוט עס יא, וואס באשעפטיגט זיך יא מיט דערווייזונגען פון אזא מין, מוז אין פלאכקייטען ארײנפאלען, מעג ער אפילו אזא אר־גינעלער גייסט ווי זאנגוויל זיין.

און נאך א גרעסערען פעהלער איז ער באגאנגען דער־מיט. ווי איך האב שוין אנגעוויזען, וואס ער איז פון איין טייל נאר פון ציוניזם צו דעם גאנצען ציוניזם איבערגע־גאנגען.

עס איז דא עטוואס טראגישעס אין זאנגווילס פאר־מעלע ארויסטרעטונגען געגען דעם ציוניזם. אלס ציוניס־טישער אנטי־ציוניסט אדער אנטי־ציוניסטישער ציוניסט איז ער ווירקליך א טראגישע פיגור. ווער נאך ווי ער, דער קעניג פון די אידישע געטא טרוימער פון אונזער דור, וואלט איינער פון די גרעסטע ציוניסטישע ווארט־פיהרער גע־דארפט זיין? ווער נאך, ווי ער, דער לעצטער מאהיקאנער פון די, וואס האבען פון זייער גרויסען גייסט און פון זייער

גרויסער נשמה אויף דעם ציוניזם רעפלעקטירט, וואלט אויך איצט מיט דעם ציוניזם באדארפט זיין פאראייניגט? ווער נאר, ווי ער, וואלט זיינע עלטערע יאהרען אין א ציוניסטי־שער אטמאספערע באדארפט פארברענגען? עס קומען אבער מאדנע — מאדנע אין זייער קאמישקייט און מאדנע אין זייער טראגישקייט — קאמבינאציעס פאר אין אידישען לע־בען. און אט אזוי האבען אויך זיך מאדנע די אומשטענדען קאמבינירט, אז עס זאל מעגליך זיין, אז זאנגוויל זאל אויסערהאלב דעם ציוניזם זיך געפינען, אז ער זאל קיין שאפענדער פאקטאר ניט זיין פאר דעם ציוניזם אינער־האלב דער ציוניסטישער ארגאניזאציע.

און אויב דער ציוניזם פיהלט זיך אונבאקוועם, וואס זאנגוויל איז ניט איינער פון זיינע וויכטיגסטע פארשטע־הער, פיהלט זיך נאך מעהר זאנגוויל אונבאקוועם, וואס ער קען זיך ניט אפיציעל אין ציוניסטישען לאגער געפינען. זיין געפינען זיך אויסער דעם ציוניסטישען לאגער האט עפעס א מין רים אריינגעטראגען אין זיין נשמה, א מין עלענד אין איהר פארזייהט, אין א מין אומרוהיגקייט זי איינגעהילט.

און דערפאר אזא אפט אומקעהרען זיך מצד זאנגוויל צו דער טעמע ציוניזם. עס איז דאס אלעם זיין אנגעוועה־טאגט פראבלעם. עס איז דאס אלעם זיין פערזענליכער טראגיזם. און דערפאר באטראכטען די, וואס קענען זעהן זאכען טיעפער, ווי זיי זעהען אויס פון אויבען אויף, די ארויסטרעטונגען זיינע געגען דעם ציוניזם, א סך מעהר אלס פארקערפערונג פון א שטרעבונג צו דערנעהענטערען זיך צום ציוניזם, ווי פארקערפערונג פון א שטרעבונג צו דערווייטערען זיך פון איהם. די, וואס האבען א חוש דער־פאר, זעהען אויך אין די דאזיגע ארויסטרעטונגען זיינע,

ווי עס רייסט זיך די נשמה זיינע צום שורש איהרען. פיעל מעהר, ווי עס זעהען אוים זיינע ארויסטרעטונגען געגען ציוניזם אלם א קאמפף געגען איהם, זעהען זיי אוים אלם א קאמפף פאר עפעס א מין געקריוודעט ווערען, אלם א קאמפף פאר די צו איהם געהעריגע רעכטע, וואס ווערען פון איהם פארלייקענט.

און דאך, אדער דערפאר טאקי, איז געווען א גרויסער פעהלער, וואס ער האט געזאגט אויף יענער פארזאמלונג דאם, וואס ער האט דאן וועגען דעם ציוניזם געזאגט. טאקי דערפאר, וואס זיינע ארויסטרעטונגען געגען דעם ציוניזם פארמאגען אזוי פיעל אינטימיטעט, אזוי פיעל פערזענליכעס אין זיך, וואלט איהם זיין פיין געפיהל באדארפט געווען אונטערזאגען, אז ער דארף זיי אויף אזא פארזאמלונג, ווי דער „פיפעלס־„ארט" צוזאמענקופט איז געווען, ניט פארט־זעצען. וואס פאר א זין האט עס געהאט פאר איהם, צו פארלעגען זיין קריוודע אויף א פארזאמלונג, וואס דער גרעסטער טייל פון איהרע מיטגליעדער זענען אויסגעשפראָ־כענע אנטי־ציוניסטען? פון וועמען האט ער עס באדארפט אדער געקענט דארטען אן הסכמה אויף זיין ציוניזם באַ־קומען? פיעלע פון די, וואס זענען געווען פארזאמעלט דארטען, האבען געקענט אן אינטערעם ארויסווייזען צו זיין אנגרייפען דעם ציוניזם אין זיין איצטיגער פאזע, נאר אויף אזויפיעל, אויף וויפיעל זיי האבען דאם בייזוויליג געוואלט פארשטעהן אלם אן אנגרייפען דעם ציוניזם בכלל, אויף וויפיעל זיי האבען געקענט בייזוויליג א „תנא דמסייע" אין זיינע רייד געפינען דעם ציוניזם צו שפאט מאכען, אויף וויפיעל זיי האבען געקענט אן איבעריגען מאל א שטשערע טהון מיט די צייהן אנטקעגען דעם ציוניזם.

און נאך מעהר אונגערעכט איז ער געווען מיט זיינע אנפאלען אויף ווייצמאנען. מיט די דאזיגע אנפאלען זיינע איז ער אומגערעכט, וואו זיי זאלען ניט פארקומען.

זאנגוויל זאגט אויף ווייצמאנען, אז ער איז א גוטער כעמיסט, אבער ניט קיין גוטער ציוניסט. נעהם איך זיין ווארט, אז ווייצמאן איז, ווירקליך, א גוטער כעמיקער. איך בין אין די ענינים קיין בר־סמכא ניט. פארלאז איך זיך אויף זאנגווילען, אז מסתמא ווייסט ער, וואס ער רעדט. איך קען זיך שוין אבער אויף איהם ניט פארלאזען, וואס אנבעלאנגט דעם צווייטען טייל פון פאראגראף. אמת, אויך אין די ענינים פון ציוניזם בין איך קיין בר־סמכא ניט, און אפשר אויך קיין גרויסער מבין ניט. אויף וויפיעל איך בין אבער יא א מבין, ווייס איך, אז ווייצמאן איז יא א גוטער ציוניסט, ווארשיינליך, נאך א פיעל בעסערער ציוניסט, ווי כעמיקער, ווי גוט ער זאל אויך אלס לעצטער אפילו זיין. אויף וויפיעל איך האב איהם פארפאלגט, ווייס איך, א די פיהרערשאפט אין ציוניזם האט איהם צו א גרויסער מדרגה דערהויבען. ער איז אויסגעוואקסען אין ציוניזם צו דער הויך פון א גרויסען אידישען פיהרער, וואס וועהטאגט דורך אלעם, וואס ער רעדט און זאגט.

און איך דערמאן עס דא ניט דערפאר, וואס איך וויל דא ווייצמאנען מיין הסכמה געבען, אדער ווייל ווייצמאן דארף די דאזיגע הסכמה מיינע. איך דערמאן עס דא, ווייל איך וויל באהויפטען, אז אויך די טאקטיק, אין וועלכער ווייצמאן האלט זיך אין זיין רעאגירען אויף זאנגווילס אנ־פאלען אויף איהם, ערקלעהרט זיך נאר דערמיט, וואס ער איז א צו גוטער ציוניסט, ער זאל קענען אדער זיך ערלויבען אנדערש צו רעאגירען אויף זיי.

זאנגוויל מאכט א גרויסען טעות, ווען ער דענקט, אז אין דעם, וואס ווייצמאן ענטפערט ניט אויף זיינע אנפאלען אויף איהם, געפינט זיך אויף דעם אדער אויף יענעם אופן דער עלעמענט פון וועלען איגנארירען איהם.

אויב ער ענטפערט איהם ניט אויף זיינע אנגריפען, איז דאס נאר צוליעב גרויסען רעספעקט צו איהם, איז דאס נאר צוליעב דעם יראת־הכבוד, וואס אויך ער האט פאר איהם.

ווארים עס איז כלל ניט, ווי זאנגוויל זאגט, אז ווייצמאן האט בכלל אויף אלע זיינע ארגומענטען ניט געענטפערט, אז ער האט בכלל ניט אפגעווענדעט די אלע אויסזעצונגען זיינע געגען זיין פאליטיק. וואס אנבעלאנגט זיינע אויס־זעצונגען געגען דעם ציוניזם אין זיין איצטיגע פאזע — האט אויף אלעם דעם ווייצמאן א תשובה כהלכה געגעבען. וואס ער האט פארשוויגען איז נאר דעם פערזענליכען עלע־מענט, וואס האט זיך אין זיי געפונען, דעם עלעמענט. וואס האט פערזענליך מיט ווייצמאנען צו טהון.

און אויך דאס פארשווייגען זיינס איז, ווי איך האב שוין געזאגט, ניט צוליעב דעם, וואס ער וויל זאנגווילען פוגע בכבוד זיין, נאר דערפאר, וואס ער וויל חס על כבודו זיין.

און הלואי וואלט אין דער הינזיכט זאנגוויל אזוי טאקט־פול געווען, ווי ווייצמאן, וואלטען מיר, און אויך ער אליין, דער גרויסער מאעסטרא אונזערער, פיעל עגמת־נפש פאר־שפארט.

איהר מאכט א גרויסען טעות, מאעסטרא. אפילו די אזוי גערופענע געגנער אייערע — אויב עס זענען אינגאנצען דא אזוינע — באציהען זיך צו אייך מיט אסך מעהר גוואלדי־גען יראת־הכבוד, ווי איהר קענט זיך עס נאר פארשטעלען. און ווי קען עס דען אנדערש זיין, ווען איהר זענט, אין

א געוויסען זין, דער איינציגער אין אונזער איצטיגען אידי־
שען דור, וואס איז אונז אלס זכר פון די גרויסע אידען
פון די פארגאנגענע דורות געבליבען, ווען אין די אלע אייערע
ארויסטרעטונגען, אפילו דאן, ווען איהר פארליערט אויף
א מאמענט די מדרגות אייערע ווייזט איהר אזויפיעל
וואונדערליכען גייסט ארוים.

# די ירושה פון דורות

איין מאָמענט גערויערט דאָס געבוירען פון מענשען און זיבעציג גאַנצע יאָהר גערויערט זיין אונטערגעהן. עס זענען די מאָמענטען פון זיין לעבען אויך די מאָמענטען פון זיין שטופענווייז אָפּשטאַרבען. האַנט אין האַנט מיט זיין וואַקסען און בליהען געהט אויך זיין וועלקען און צערשטערען. אָהן דעם איינטייל פון דעם באַוואוסטזיין זיינעם פאַלען אָפּ טאָג־טעגליך אונצעהליגע מחנות פון זיינע איך־טיילען און ווערען אין דער אונענדליכקייט פון טויט און פאַרניכטונג פאַרשוואונדען. עס איז זיין פּזישער איך אַ בית־עלמין אַ גרויסער, וועלכער ווערט טאָג־טעגליך מיט אַלץ פרישע און נייע קברים פאַרזייהט.

און דאָס אייגענע איז אויך מיט דעם פּסיכישען איך פון מענשען. אויך אין דער גייסטיגער וועלט זיינער קומט דער אייגענער פּראָצעס פאָר. עס איז דער מענשליכער מארך אַ שטענדיג און אייביג שלאַכטפעלד, אויף וועלכען עס פאַלען הרוגים אַלע ווײַלע. עס איז דאָס מענשליכע האַרץ אַ בית־הקברות אַ גרויסער, וועלכער ווערט „חדשים לבקרים" פון פריש־געפאַלענע קרבנות פאַרזייהט. אָהן דעם אַנטייל פון זיין אייגענעם באַוואוסטזיין אָדער מיט דעם אַנטייל זיינעם שטאַרבען ביי איהם אַלע ווײַלע אָפּ פאַרשידענע אידעען און געדאַנקען, מיינונגען און באַציהונגען, סענטימענטען און געפיהלען. צי עס פיהלט עס דער מענש, צי ער פיהלט עס ניט, געהט אַ שטענדיגע, אַ פיבערהאַפטע טעטיגקייט אָן אין דער

אידעען און עמאַציאַנען וועלט זיינער. עס קומען דאַרטען אַלע ווײַלע פרישע לויות פאַר און עס ווערען דאַרטען אַלע ווײַלע נייע קברים געגראַבען, פונקט ווי עס קומען דאַרטען אַלע ווײַלע אויך נייע געבורטען פאַר.

און וואָס מעהר פאַרדריסליך איז דאָס, וואָס אַ גרויסער פּראָצענט פון אָט יענע אַלע „שוכני עפר", מיט וועלכע עס איז אונזער הארץ און מאָרך איבערפילט, זיינען כמעט ווי אומזיסט געפאַלענע קרבנות. פיעלע, פיעלע פון אונזערע עמאַציאָנען און אידעען ווערען פון אונז פאַרשוואונדען ניט דערפאַר וואָס זיי זענען פיעל און שטאַרק באַקעמפט געוואָרען פון אַנדערע, פאַר וועלכע זיי האָבען ענדליך געמוזט זייער פּלאַץ אָפּטרעטען. זיי שטאַרבען אויך ניט פון עלטערשוואַכקייטען, דערפאַר וואָס עס זענען זייערע לעבענסזאַפטען אויסגעטריקענט געוואָרען. זיי זענען ווירקליך אומזיסטע קרבנות, עפּעס שיינט עס, אַז זיי שטאַרבען גאָר אינגאַנצען אָהן אַ „פאַר וואָס און פאַר ווען". „יש טעם לחייהם אבל אין טעם למותם". זייער לעבען האָט אַן אורזאַכע פאַרמאָגט. עס פאַרמאָגט אָבער ניט קיין אורזאַכע דער טויט זייערער. זיי ווערען עפּעס ווי פון זיך אַליין פאַרשוואונדען. זיי ווערען ווי צווישען די פינגער אויסגערונען.

צוזאַמען דערמיט, וואָס אַ מענש ענדערט זיינע מיינונגען און באַציהונגען צו זאַכען, צוליעב דעם וואָס ער האָט אַקצעפּטירט אַן אַנדער דאָקטרין, צוליעב דעם, וואָס ער האָט אַן אַנדער אויפפאַסונג אָנגענומען, צוזאַמען דערמיט, וואָס ער ענדערט זיינע מיינונגען און באַציהונגען צו זאַכען, נאָכדעם ווי ער האָט אַ געוויסען אינערליכען קאַמף דורכגעלעבט, נאָכדעם ווי ער האָט אַ געוויסען נשמה־קריזיס דורכגעמאַכט, קומען אַ מאָל פאַר די דאָזיגע ענדערונגען גאָר אינגאַנצען אָהן עהנליכע אורזאַכען אַזעלכע. עס ווערט דערביי קיין נשמה־

קריזיס ניט דורכגעמאכט. עס ווערט דערביי קיין אינערליכער קאמף ניט דורכגעלעבט. עס קומט דאן די דאזיגע ענדערונג גאר אין א פארקעהרטען וועג פאר. ניט די אלטע אידעען און עמאציאנען ווערען פון די נייע דאקטרינען פאריאגט. נאר פארקעהרט: פריהער ווערען די אלטע אידעען און עמאציאנען אפגעשוואכט, און ערשט נאך דעם ווערען אקצעפּ־טירט די נייע דאקטרינען און אויפפאסונגען, וועלכע פאר־אורזאכען געגענגעזעצטע צו די אלטע עמאציאנען און אי־דעען — עמאציאנעלע און ספעקולאטיווע דיסציפּלינען.

ווארים איינער פון די מעכטיגסטע פאקטארען וואס אי־בען א גוואלדיגען איינפלוס אויס אויף אונזער לעבען איז דאס געזעץ פון אסימילאציאן — איך מיין דא די אינדיווי־דועלע אסימילאציע. דאס באוואוסטזיניגע און אונבאוואוסט־זיניגע שטרעבען אונזערס צופאסען זיך—ריכטיגער זיך אויס־דריקען: עהנליך צו זיין — אויף די ארומיגע אומשטענדען, וואס איז אפשר אליין אויך ניט מעהר ווי א פּראדוקט פון א העכערען אורקוואל, פון אונזער אונבאוואוסטזיניגען שטרע־בען צו הארמאניע, צו איינהייטליכקייט און אפצושאפען די צופיעל שארפע קאנטראסטען אין אונזער לעבען. עס באזיצט די סביבה, אין וועלכער מיר געפינען זיך, א גוואלדיגען כח צו ענדערען דעם געשמאק פון מענשען און דעם גאנצען אינ־האלטס־קאמפּלעקס פון זיין אינטעלעקט און פון זיינע עמאָ־ציאנען. נעמט א ציוניסט און פארשיקט איהם אויף עטליכע יאהר נאר צווישען סאציאליסטען פארברענגען, וועט איהר זעהן, ווי גוטע 95 פּראצענט פון זיין עמאציאנעלען ציוניזם וועט פארלארען געהן, ווען עס זאל אפילו קיין איין ציעגעל פון דער געביידע פון זיין ציוניסטישער וועלט־אויפ־פאסונג ניט געריהרט ווערען. מעג אפילו דעמאלט זיין ציוניזם אלס מארך־פּראבלעם נאך אלץ זיינע לעבענס־זאפטען

אין זיך איינהאַלטען. אַלס האַרץ־פּראָבלעם אָבער וועט ער דעם גרעסטען טייל פון זיינע לעבענס־זאַפטען פאַרלירען. און דאָס זעלבע איז אויך פון דער צווייטער זייט. נעהמט דעם גרעסטען ציוניסטען־פּרעסערישען סאָציאַליסט און פאַר־וואַרפט איהם אין אַן אויסשליסליך ציוניסטישער סביבה פאַר אַ לענגערען פּעריאָד יאָהרען, וועט איהר זעהן, ווי ער וועט כמעט דעם גאַנצען אַפּעטיט זיינעם פאַר ציוניסטען־פלייש פאַרלירען. אויב ער וועט אויך אַ ביסעל אין זיין סאָציאַליסטישען סענטימענט ניט אָפּגעשוואַכט ווערען, אויב ער וועט אויך אַ ביסעל פון ציוניזם ניט פאַרכאַפּט ווערען, וועט ער אַלענפאַלס פיעל פרידליכער, ווי פריהער צום ציוניזם געשטימט ווערען און וועט זיך צו איהם פיעל פריינדליכער באַציהען, ווי ער האָט זיך צו איהם פריהער באַצויגען.

עס איז דאָס געזעץ פון אסימילירען זיך מיט די אומ־שטענדען, וואָס רינגלען אונז אַרום, פון דורכגעדרונגען ווערען מיט דעם גייסט וואָס הערשט אין דער סביבה, אין וועלכער מיר געפינען זיך, וואָס ברענגט דערצו, אַז דאָס פּויליש־אידישע מיידעל, וואָס האָט זיך אין דער היים די גרעסטע מיה געגעבען, ווי זאָל אין איהר גאַנצען באַנעהמען זיך, וואָס מעהר פּוילישע קולטור אָפּשפּיגלען, זאָל דאָ, אין אַמעריקא, אַזוי שנעל דעם פּראָצעס פון אַמעריקאניזירען זיך דורכמאַכען. און אויב די הערשענדע לעבענס־פאָרמען וועלען אין פּאַלעסטינא ווירקליך העברעאישע זיין, וועט זי, אַט די לייכטזיניגע טרעגערין פון שנעל־בייטענדע זיך אסימילאַציאָנס פאָרמען, אין אַ מעכטיגען נאַציאָנאַליזירענדען פאַקטאָר פאַר־וואַנדעלט ווערען. מיט דעם אייגענעם ברען און התלהבות, וואָס זי האָט די מצוה פון פּאָלאָניזירען און אַמעריקאניזירען זיך מקיים געווען, וועט זי אויך די מצוה פון העברעאיזירען זיך מקיים זיין.

די פסיכיק פון די מעהרסטע מענשען איז ווי ווייכער וואקס, וועלכער קען אלע ווייל'איבערגעקנאטען ווערען און אלע נייע צייכנונגען און אויפשריפטען אויף זיך ארויפנעה־מען. אפילו גאר גרויסע עמאציאנען און ערשיטערענדע לע־בענס־פאסירונגען זענען ניט בכח אויף יעדען איינעם א שארפען שטעמפעל „לדורות" איבערצולאזען. די מעהרסטע מענשען זיינען גוואלדיגע בריות גרויסע אלע מאל זייער איך צו ענדערען. אלע ווייל אין אן אנדער „גלגול" פארוואנ־דעלט ווערען און מאכען דערביי דעם אנשטעל, אז ער גע־דענקט שוין גאר אין גאנצען ניט, וואס עס איז מיט איהם אין ערשטען גלגול פארגעקומען. ווי דורך א כשוף פלעגט זיך דער ישיבה־בחור אין איין נאכט אין א פאלשטענדיגען אריסטאקראט פארוואנדלען. ארומגעהענדיג אין שטאדט־גארטען מיט דעם שטעקעלע אין האנט, דעם מאנטעל פאר־ווארפען אויף די פלייצעס און „קנאקענדיג" רוסיש — האט ער דאס אלעס מיט אזא נאטירליכער מינע געטאן, גלייך ווי אט דיזע אלע זאכען וואלטען געבארענע אטריבוטען זיינע געוועזן. עס איז איהם גאר קיין מאל אויף דעם געדאנק ניט ארויפגעקומען, ער זאל רויט ווערען פאר חרפה פאר דעם „פורים שפיעל", וואס ער שפיעלט. ער זאל זיך אויס־זידלען גוט, ווי אזוי א מענש קען פון זיך אזא „ציגיינער" מאכען און פון זיין נעכטיגען איך און פון דער גאנצער ארומיגער סביבה אזוי זיך אפפרעמדען. ער האט זיך גוט און באקוועם און — דער הויפט — זעהר נאטירליך געפיהלט אין דעם נייעם איך, וואס ער האט אויף זיך ארויפגעצויגען, און עס איז איהם גאר קיין מאל אויף דעם געדאנק ניט ארויפגעקומען, ער זאל זיך אויף א ווייל הויך צולאכען, באטראכטענדיג זיך אין דעם נייעם געשטאלט זיינעם אין צוזאמענהאנג מיט דער גאנצער סביבה זיינער, מיט דעם

רוסישען הויז פון זיינע עלטערען און מיט דער קלויז, אין וועלכער ער פלעגט נאך אויך יעצט דעם גרעסטען טייל פון זיין צייט פארברענגען, און מיט די אלע איבעריגע עכט־רוסישע לעבענס־פארמען, אין וועלכע ער האט זיין גאנץ לעבען ביז יעצט זיך ערצויגען. ער האט זיך העכסט־נאטיר־ליך געפיהלט אין דעם נייעם גלגול זיינעם, גלייך, ווי דער גאנצער אידישער ישוב, אין וועלכען ער האט אויך יעצט געלעבט, וואלט פאר טויזענדער מייל ווייט פון איהם געווען און וואלט וועגען דעם אלעם, וואס איז ביז נעכטען געווען, קוים די מינדעסטע אהנונג געהאט.

נאר געצעהלטע מענשען, אט יענע יחידי סגולה, וועלכע פארמאגען א שטארקע פערזענליכקייט און זיינען מיט א טיעפער נאטור געבענטשט, באזיצען אט יענע פעהיגקייט א שטארקען ווידערשטאנד ארויסצואווייזען געגען די טענדענ־צען פון דער אינדיווידועלער אסימילאציאן צו ניוועלירען זיי מיט דער ארומיגער סביבה. א דאנק דעם אינערליכען טיפען אינהאלט, וואס זיי פארמאגען, ווערט אונמעגליך פאר אט יענעם אויבענדערמאנטען געזעץ, ער זאל אויף זיי קענען שולט זיין. דיעזע טיעפע נאטורען פארלירען קיינמאל ניט דעם איך זייערען און פיהרען שטענדיג אן אונאויפהערליכען קאמפף אויף אלע פראנטען פאר זיין פולען „אויסלעבען" זיך.

---

און אויך ליעסין באלאנגט צו אט יענע געצעהלטע מענ־שען, צו אט יענע יחידי סגולה, וועלכע פארמאגען שטארקע פערזענליכקייטען געננג און זיינען טיעפע נאטורען גענוג, זיי זאלען קענען באקעמפפען דעם דראנג פון דער ארומיגער סביבה אויף זייער אינערליכען איך.

אין וואָס פאַר אַ סביבה ער איז ניט פאַרוואָרפען געוואָ־
רען, האָט ער קיינמאָל ניט זיין איך פאַרלאָרען און האָט
שטענדיג פאַר זיין פולען אויסלעבען זיך געקעמפפט.

איבערגעהענדיג כמעט גלייך פון דער ישיבה צום סאָ־
ציאַליזם איז ער אַריינגעפאַלען אין אַ סביבה, וואָס איז אין
איהר גרעסטען טייל איבערפילט געווען פון אַסימילאַציאָנס־
שטרעבונגען און אַסימילאַציאָנס־טענדענצען. די ערשטע
אידישע סאָציאַליסטען, די אידישע סאָציאַליסטען פון דער
ערשטער און צווייטער עפּאָכע אין אידישען סאָציאַליזם,
האָבען גאָר אינגאַנצען זייער אידישען איך פאַרלאָרען — אַ
גרויסער טייל פון זיי האָבען איהם עד היום נאָך צוריק ניט
געפונען — און האָבען זיך נאָר „אַלמענשליך" געפיהלט. דער
גייסט פון דער השכלה באַוועגונג, וואָס האָט נאָך דעמאָלט
ווי אַ בלאַנדזשענדער שאָטען איבער דער אידישער וועלט
אַרומגעוואַנדערט. די שפּורען פון דער אָפענער און שאַרף
אויסגעשפּראָכענער אַסימילאַציע, וועלכע האָט ערשט ניט
לאַנג אַזוי שטאַרק געבושעוועט אין דער אידישער וועלט,
האָבען אונטער אַ פאַלשען פּאַספּאָרט אין די טירען פון אי־
דישען סאָציאַליזם געקלאַפּט און געזוכט פאַר זיך דאָרטען
אַ „מקום מקלט". זיי האָבען אונטער אַ פרעמדער מאַסקע
זייער ריכטיגען געשטאַלט פאַרשטעלט און האָבען דאָרטען
פאַר זיך אַ זיכערע פּאָזיציאָן ערוואָרבען. דאָס אַלעס צו־
זאַמען מיט דעם דאָגמאַטיזם, וואָס די ערשטע אידישע סאָ־
ציאַליסטען האָבען מיט זיך פון בית־מדרש אין זייערע נייע
דאָקטרינען אַריינגעטראָגען, האָבען געבראַכט דערצו, אַז זייער
אידישער סאָציאַליזם זאָל אין נאַציאָנאַלען זין ניט נאָר פון
וואַסער־קאָליר זיין, אַז ער זאָל זיך צום אידישען נאַציאָנאַ־
ליזם ניט נאָר ניט פּאָזיטיוו, ניט נאָר גלייכגילטיג, נאָר אויך
נעגאַטיוו באַציהען. פּונקט ווי זייערע עלטערען האָבען די

אלע תרי״ג מצות דוקא מיט די אלע „תגין" זייערע געוואַלט מקיים זיין שטענדיג, פונקט ווי זיי האָבען אַלעס נאָר „לשמו ולשמה" געטאָן און זענען אייפּערזיכטיג געווען, עס זאָל זיך אין זייער טהאָט און כונה קיין זייטיגער און פרעמדער עלע־מענט ניט אַריינכאַפּען, אַזוי זענען אויך יעצט זייערע קינדער און אייניקלאך נזהר געווען, אַז זייער סאָציאַליזם זאָל ריין זיין פון אַלע אַנדערע זייטיגע און פרעמדע עלעמענטען, אַז ער זאָל דורכאויס נאָר „לשמו ולשמה" זיין און זאָל זיך ניט צונויפשמעלצען מיט קיינע נאַציאָנאַל־אידישע סענטימענטען.

ליעסין האָט זיך אָבער פון דער סביבה ניט געלאָזט באַ־איינפלוסען. פאַרקעהרט נאָך. ווי יעדע שטאַרקע פערזענ־ליכקייט און קעמפּפענדע נאַטור האָט ער געקעמפּפט ניט נאָר פאַר דער פרייהייט פון זיין אינערליכען איך, נאָר אויך פאַר דער דיקטאַטור זיינער; ניט נאָר האָט ער אין דער נייער סביבה דעם אינהאַלט פון זיין איך ניט פאַרלאָרען, נאָר פאַר־קעהרט נאָך: ער האָט געקעמפּפט דערפאַר, אַז זיין אינהאַלט זאָל איהר צענטראַלען פונקט בילדען. ניט נאָר האָט ער זיך פון איהר ניט געלאָזט באאיינפלוסען, נאָר ער האָט נאָך גע־זוכט אויף איהר זיין איינפלוס אויסצואיבען. מיט זיין גאַנ־צען האַרצען און נשמה האָט ער אָנגעהויבען צו קעמפּפען געגען דעם שקר, וואָס איז דעמאָלט פון די מעהרסטע אידישע סאָציאַליסטען געפערעדיגט געוואָרען, אַז אידישע סאָציאַליס־טען באַדאַרפען ווי שטרויענע זעק לעדיגע זיין, אַז די נשמה פון אַ אידישען סאָציאַליסט באַדאַרף זיך פיהלען פון יעדען אידישען אינהאַלט אויסגעלעדיגט.

און ווי יונג ער איז דעמאָלט ניט געווען, האָט זיך זיין קאַמפּף פאַר זיינע אידעען און אַנשויאונגען, ווי דער אידישער סאָציאַליזם באַדאַרף זיין, אויף אַזוי פיעל מיט ערפאָלג גע־קרוינט, אַז ער האָט אַרום זיך אַ גאַנצע גרופּע קאָנצענטרירט

פון מיטהעלפער און מיטקעמפפער, און אין די סאָציאַליסטי־
שע וואַסערען, וואָס האָבען אין זיין סביבה געפלאָסען, האָט
זיך קענטיג און שאַרף אויך זיין אייגענאַרטיגער אידיש־סאָ־
ציאַליסטישער שטראָם געשלענגעלט — אויף אַזוי פיעל קענ־
טיג און שאַרף, אַז ער האָט אויף זיך זיין נאָמען געטראָגען.
די שטרעמונג, פון וועלכער ער איז דער באַשאַפער געווען,
האָט זיך גערופען „וואַלטאַוושטשינא" *), און האָט געדיענט
אַלס די אונשטערבליכע קערענדלאַך, פון וועלכע עס איז נאָכ־
דעם דער נאַציאָנאַלער עלעמענט אין בונדיזם, אויף וויפיעל ער
האָט איהם ענדליך אונטער דעם דרוק פון לעבען דאָך גע־
מוזט אַקצעפּטירען — אויסגעוואַקסען.

---

און שוין דאַן נאָך, אין אַט יענע יונגע יאָהרען, האָט זיך
שוין שאַרף און בולט ניט נאָר זיין קעמפּפענדע נאַטור ארויס־
געוויזען, נאָר אויך די אַלע איבעריגע גרויסע פעהיגקייטען
זיינע, וועלכע מיר האָבען אָנגעהויבען צו באַוואונדערען אין
איהם, ווען ער איז אויף דעם פעלד פון דער אידישער פּוב־
ליציסטיק אַרויסגעטראָטען. איינע פון די גרויסע מעלות,
וואָס ליעסין פאַרמאָגט אַלס פּובליציסט, איז דאָס, וואָס צו־
זאַמען מיט דעם שאַרפען קאָפּ, וואָס ער פאַרמאָגט, פאַרמאָגט
ער אויך אַ קלאָהרען און לאָגישען קאָפּ. ער איז פון די
געצעהלטע אין אונזער ליטעראַטור, וואָס באַזיצען די פע־
היגקייט ניט צו פאַרפיהרט ווערען פון טעאָרעטישען דאָגמאַ־
טיזם. עס איז שטענדיג די שוואַכקייט פון פלאַכע מענשען
נאָכצושלעפּען זיך שטענדיג נאָך דער פאָרמולאַ פון פּראָבלעם.

---

*) א. וואלט — איז פריהער — אין דער היים — דער לי־
טעראַרישער נאָמען פון ליעסינען געווען.

עס ווערט ביי זיי די פארמולא אין אן אפגאט פארוואנדעלט און זיי רעגולירען זייערע מיינונגען און באציהונגען לויט דעם דאגמאטישען אויסערליכען אינהאלט פון דער פארמולא. ליעסין אבער האט קיינמאל ניט צו־ליעב דער פארמולא פון פראבלעם דעם אינהאלט פון פראבלעם פארלא־רען. און דעריבער איז אין זיין שרייבען קיינמאל ניט דער „חלוק־פלפול" פאראן. ער קען זיין א „לן בעמקה של הלכה", ער ווייסט אפצושטעלען זיך גרינדליך אויף דער טעארעטישער זייט פון יעדער פראגע. ער ווערט אבער קיינמאל ניט פון פלאכער סכאלאסטיק פארפיהרט. עס ליגט קיינמאל ניט אין הינטערגרונד פון זיין באהאנדלען פראגען דער בלינדער דראנג צו טעאריזירען, נאר דער לעבעדיגער און הארציגער אינטערעס זיינער צום פראבלעם, וואס דאס לעבען האט גע־שאפען. און דאס גיט איהם די מעגליכקייט, ער זאל קענען שטענדיג, אין זיין באהאנדלונג די אדער יענע פראגע, דעם וויכטיגסטען לעבענס־נערוו איהרען אינטואירען, ער זאל קע־נען איינזוויגען אין זיך די אלע לעבענס־זאפטען פון יעדען פראבלעם, אויף וועלכען ער רעאגירט, איינזאפען אין זיך דעם הויפט־אינהאלט זיינעם און צונויפשמעלצען איהם מיט זיין אינערליכען איך, מאכען עס פאר א טייל פון זיין הארץ און פון זיין נשמה און קעמפפען נאכדעם דערפאר מיט דעם גרעסטען פייער און ברען, אויף וועלכען זיין פאעטישע און ראמאנטישע נשמה איז נאר פעהיג.

אין לויף פון זיין קאמף פאר דעם, וואס דער אידישער סאציאליזם באדארף זיין, לויט זיינע מיינונגען און אנשוי־אונגען, וואס ער האט, זייענדיג נאך כמעט גאר א אינגעל, אנגעפיהרט צווישען דעם קרייז זיינעם, האט ער אט יענעם אפיקורסישען געדאנק ארויסגעזאגט, וועלכער איז שפעטער

געווארען דער גרונדשטיין אין די טעאָריען און דאָקטרינען פון פועל ציוניזם אין אַלע זיינע שאַטירונגען — אַט יענעם אפיקורסישען געדאַנק, אַז דער אידישער פּראָלעטאַריאַט קען ניט באַטראַכט ווערען אַלס איין איינהייטליכער טייל פון דעם אַלרוסישען פּראָלעטאַריאַט, אַז ער האָט פיעל געמיינשאַפטליכעס, אַלס אַ טייל פון אַן עקאָנאָמישער איינהייט אפילו, מיט די אַלע איבעריגע סאָציאַלע גרופּען פון אידישען פאָלק. וואָרים די אידישע עקאָנאָמיק איז פאַרשידען פון דער ניט־אידישער און זיי בילדען אין פיעלע הינזיכטען צוויי פאַרשידענע איינהייטען. איבערברעכענדיג זיך אינעווענינג אויף פאַרשידענע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע איינהייטען, בילדען זיי, אַט די אַלע פאַרשידענע אידישע סאָציאַלע גרופּען און קלאַסען, איין פאַראייניגטע סאָציאַלע און זאָגאַר עקאָנאָמישע איינהייט אין באַצוג צו דעם, ווי עס ווערען צו זיי אַלעמען גלייך, כמעט, רעגולירט די באַציהונגען און פאַרהעלטניסען פון דער ניט־אידישער וועלט.

---

און דיזעלבע ווידערשטאַנדס־פעהיגקייט, ניט צו אַסימילירען זיך מיט די אומשטענדען פון דער ארומיגער סביבה און צו ווערען באַאיינפלוסט פון איהר, האָט ער אויך ארויסגעוויזען, ווען דער שיקזאַל האָט איהם אויף יענער זייט ים פון זיין היימאַט פאַרוואָרפען. דער סאָציאַליזם אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקא איז דאַן פון אַ מאָדנעם כאַראַקטער געווען. פון איין זייט האָט זיין אַ סאָציאַליסט געהייסען — שפּייזען זיך מיט דער אילוזיאָן, אַז נאָך אין אַ פּאָר צעהנדליג יאָהר אַרום וועט די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג אין לעבען איינגעפיהרט ווערען, און פון דער צווייטער זייט האָט ביי פיעלע זיין אַ סאָציאַליסט געהייסען

ניט זיין קיין איד. גלויבען אין סאָציאַליזם האָט ביי זיי געהייסען — באַקעמפּפען די אידישע רעליגיאָן און די אידעע׳ וועגען א אידישער נאַציאָן. אפילו ביי די בעסערע פון זיי איז ניט אַנדערש אויסגעקומען, אַז א אידישער סאָציאַליסט מוז פון זיך מיט די וואָרצלען דעם איד אויסרייסען, אַז ער מוז זיין רעליגיאָן און זיין נאַציאָן פאַרלייקענען, אַז ער טאָר צו זיי קיין וואַרים געפיהל ניט פיהלען. עס איז ווירק־ליך געווען דעמאָלט דאָ אַן אַטמאָספערע פון באַוואוסטזי־ניגער אסימילאַציאָן און אונבאַוואוסטזיניגען נאַציאָנאַלען פאַרראַט. ליעסין איז אָבער פון דעם הערשענדען לויפענדען שטראָם ניט פאַרכאַפּט געוואָרען. ער איז געשוואומען געגען שטראָם און ער האָט אויך דאָ דעם איך זיינעם, וואָס ער האָט מיט זיך פון דער קליינער אידישער וועלט אין דער גרויסער וועלט מיטגעבראַכט, ניט פאַרלאָרען. עס איז יעצט שוין דאָס אייז געבראָכען. וויפיעל מיה און ארבייט די איינגעשפּאַרטע אסימיליאַנטען אין אידישען סאָציאַליסטישען לאַגער זאָלען ניט אַוועקלעגען אַן אילוזיאָן אפילו צו שאַפען, אַז דער סאָציאַליזם לעגט א חרם אַרויף אויף דעם ציוניזם, אַז זיין א ציוניסט הייסט צו זיין א פאַררעטער צום סאָ־ציאַליזם, און אַז זיין א סאָציאַליסט הייסט פאַר א אידען — די גויאישע סאָציאַליסטען זענען זיי שוין יא מתיר צו זיין ציוניסטען — צו זיין א דם־שונא פון דעם ציוניזם — מוז די גאַנצע ארבייט זייערע אונפּרוכטבאַר בלייבען. עס האָט איצט אין די ברייטע שיכטען פון די אַרבייטענדע אידישע מאַסען דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין שוין ביז צו אַזאַ מדרגה ער־וואַכט, זיי זאָלען שוין גאָר אין גאַנצען ניט וועלען און באַ־דאַרפען זוכען א הכשר אויף זייער נאַציאָנאַליזם ערגעץ אַנדערש, ווי אויסער אין איהם אליין, פונקט ווי זיי באַדאַר־פען און ווילען ניט זוכען א הכשר אויף זייער סאָציאַליזם

ערגעץ אנדערשוואו, אויסער אין איהם אליין. זיי זוכען ניט ביים סאציאליזם קיין הכשר אויף זייערע אידישע סענטי־מענטען, פונקט ווי זיי זוכען ניט ביי דעם נאציאנאליזם זייערען קיין הכשר אויף זייער סאציאליזם. זיי זיינען פאר זיי ניט זאכען צו וועלכע זיי זענען נאר דורך און צוליעב טעארעטישע ספעקולאציאנען געקומען. זייביידע זיינען גלייך זייער הארץ פראבלעם געווארען. און וואו דאס הארץ פסקענט כשר קען שוין דער מארך מיט זיין פסקענען טריף גאר ניט העלפען.

יא, עס איז שוין יעצט דאס אייז געבראכען און א אי־דישער סאציאליסט באדארף שוין יעצט קיין באזונדער גבורה ניט באזיצען, דעם אידישען נאציאנאליזם צו פאר־טיידיגען אדער אפילו דעם ציוניזם אנערקענען.

דעמאלט אבער האט א אידישער סאציאליסט ווירקליך מערקווירדיגע אינערליכע גבורה געמוזט באזיצען, ער זאל קענען אלס נאציאנאליסט זיך פיהלען און זאל אויף זיך נאך נעהמען די ראלע אלס דער עפענטליכער פארטיידיגער פון אידישען נאציאנאליזם ארויסצוטרעטען.

און ליעסין איז אפשר געווען דער איינציגער צווישען די אידישע סאציאליסטען אין אמעריקא, וואס האט אט יענע אינערליכע גבורה פארמאגט. נאך מיט א יאהר צוואנציג צוריק, ווען דער ציוניזם האט אזוי ווייניג באדען אפילו צווישען די ניט־אידישע סאציאליסטישע עלעמענטען פאר־מאגט, האט ליעסין געשריבען און געפרעדיגט, אז אויף דעם גרונד פון סאציאליזם איז גאר ניטא געגען דעם ציוניזם וואס אויסצוזעצען, אז מען קען איהם ניט און מען באדארף איהם ניט באקעמפען אויף דעם באדען פון די סאציאליסטישע טע־אריעי און שטרעבונגען, נאר אויף דעם באדען פון פראקטישע מאטיווען און ארגומענטען. אויב ער איז געווען געגען דעם

ציוניזם, איז ער ניט געווען געגען איהם אלס סאציאליסט. ער האט געדענקט, אז ער איז אן אוטאפיע און קען ניט געבען דעם אידישען פאלק וויפיעל מען זאגט איהם צו אין זיין נאמען און וויפיעל מען האפט פון איהם צו קריגען. ער האט ניט געמאכט דעריבער קיין אונטערשיד צווישען סאציא־ליסטען און ניט־סאציאליסטען. אויך וויפיעל ער האט באַ־טראכט דעם ציוניזם אלס אוטאפיע אלס אונאויספיהרבאר, האט ער געדענקט, אז ער באדארף פון די אידישע סאציא־ליסטען פארוואָרפען ווערען פונקט, ווי ער באדארף פון אלע אנדערע שיכטען פארוואָרפען ווערען. וואס דאס הייסט ווידער פון דער צווייטער זייט, אז אין יענע טיילען זיינע, אין וועלכע דער ציוניזם איז ניט אוטאפיסטיש, אין דעם הויפט אינהאלט פון זיין דאקטרין, און אין דעם גאנצען בייגעהענדען קאמפלעקס זיינעם פון שטרעבונגען און פארזוכען, באדארף ער אויך פון די אידישע סאציאליסטען אנגענומען ווערען, ווי פון די אלע איבעריגע שיכטען פון אידישען פאלק.

די לעצטע צייט באטראכטען מאנכע ליעסינען אלס פאלשטנעדיגען ציוניסט. איך אליין האב צוריק מיט העכער א יאהר געשריבען וועגען איהם, נאכדעם ווי איך האב א געוויסען ארטיקעל זיינעם איבערגעלייענט, אז איך געפין איהם צו זיין נאך מעהר ציוניסט, ווי איך אליין בין עס. נאטירליך, וואלט איך זעהר צופרידען געווען, ווען דאס אלעס זאל אן אבסאלוטער אמת זיין. הלואי וואלטען מיר איהם קענען באטראכטען אלס איינעם פון „אנשי שלומנו“ אין אונ־זערע ציוניסטישע רייהען. ליידער אבער מוז מען דאך מודה זיין, אז ווי נאהענט און סימפאטיזירענד ער זאל צום ציוניזם ניט שטעהן, קען מען איהם אבער דאך ניט אלס אויסגע־שפראכענעם און פאלשטענדיגען ציוניסט ערקלעהרען. דאס אבער איז זיכער, אז אויך וויפיעל ער איז יא ציוניסט —

ריכטיגער וואָלט זיין, ווען מיר זאָלען זיך בעסער מיט דעם טערמין נאַציאָנאַליסט באַנוצען — איז ער עס מיט זיין גאַנ־צען הארצען און נשמה. זיין ציוניזם איז ניט דער „מהיכי־תיתי" ציוניזם פון פיעלע אַנדערע אידישע סאָציאַליסטען, וועלכע דער שטראָם פון דער לעצטער צייט האָט נעהענטער צום ציוניזם פּאַרטראָגען. עס איז ניט זיין ציוניזם עהנליך אַט אויף יענעם „פאַרעווען" ציוניזם, וועלכער באַשטעהט אין צושאָקלען מיטן קאָפּ צו איהם. זיין ציוניזם פאַרמאָגט אַ לעבענספולען און אינטימען אינהאַלט. אויף וויפיעל ער איז אַ ציוניסט, איז דער ציוניזם זיין לעבענס־פּראָבלעם און ער איז אין איהם מיט זיין הארץ און נשמה פאַראינטערעסירט.

וואָרים אין דעם באַשטעהט טאַקע די גרויסע ווערטה פון ליעסינען אַלס פובליציסט, פון ליעסינען אַלס ריכטער און פון ליעסינען אַלס דענקער. ער איז שטענדיג מיט טיעפען און אינטימען אינהאַלט פול, עס קען אַ מאָל אין זיינע ליעדער די מאָדערנע פאָרם פעהלען. דו וועסט אָבער ביי איהם קיין אינהאַלטסלאָזע ליעדער ניט געפינען. זיי פאַרמאָגען אַלע אינהאַלט טיעפען.

וואָרים אין דעם באַשטעהט טאַקע די גרויסע ווערט פון ליעסינען אַלס שריפטשטעלער — סיי אין פּראָזע און סיי אין פּאָעזיע — וואָס אין אַלעם דעם, וואָס ער שרייבט ווערט אַ שטיק פון זיין הארץ, אַ שטיק פון זיין נשמה פאַרקערפּערט. ליעסין זינגט ניט וועגען קיינעם, ליעסין „באַזינגט" ניט קיין מאָל. ליעסין זינגט זיך שטענדיג. זיינס אַ ליעד איז אַ טייל פון זיין איך, איז אַ פאַרקערפּערונג פון אַ שטיק ראָ־מאַנטיזם זיינעם, אַ רעפלעקסיאָן פון אַ שטח אַ געוויסען אין זיין פסיכישער וועלט, אין דער וועלט זיינער פון אידעען און עמאָציאָנען. און דאָס זעלבע איז אויך מיט זיין פּראָזע. ליעסין באַהאַנדעלט ניט קיין פראַגען און שרייבט ניט וועגען

טעמען. ער פארקערפערט אין בוכשטאבען און אין ווערטער שטיקער גאנצע פון זיין דענקענדען און פיהלענדען איך. און דעריבער איז זיין שרייבען מיט אזוי פיעל קראפט און איבערצייגונג פול. און דעריבער פארמאגט ער אזא זאפטיגע און בלוטפולע פעדער. לעזענדיג זיינעם א פובליציסטישען ארטיקעל, פיהלסטו אז א מענשליכע נשמה קומט צו איהר פולסטען אויסדרוק דארטען.

---

יא, ליעסין איז איינער פון די יחידי סגולה, וואס זיי פארלירען דעם איך זייערען קיינמאל ניט, וואס אסימילירען זיך ניט מיט די אומשטענדען פון זייער סביבה און ווערען ניט פארפיהרט פון די שטימונגען, וואס הערשען אין דעם אדער אין יענעם פעריאד יאהרען, איינער פון אט יענע יחידי סגולה, אויף דער נשמה פון וועלכער עס לאזען איבער שארפע און טיעפע שפורען אט יענע אלע טענער, וואס זיי האבען איינגעזאפט אין זיך אין זייערע יונגע יאהרען. כאראקטעריסטיש איז אין אט דער הינזיכט זיין ליעד „היים-וועה".

איך וויים ניט א צווייטען ליעד אין דער אידישער ליטעראטור, אין וועלכען עס זאל אזוי טיעף און ריהרענד איבערגעגעבען ווערען דאס בענקעניש פון א אידען נאך רוסלאנד. עס איז איינע פון די שעהנסטע אילוסטראציאנען צו אלעם דעם, וואס איך האב געשריבען וועגען דער עמאציאנעלער קראפט, מיט וועלכער עס איז אויף שטענדיג איבערגעבליבען אין איהם אלעם דאס, וואס האט זיך אמאל אין זיין נשמה איינגעקריצט. לעזענדיג דאס דאזיגע ליעד פארלירסטו גאר אין גאנצען דעם איינדרוק, אז דו האסט דא בוכשטאבען און ווערטער פאר זיך. דו פיהלסט צומאל, ווי עס וואלט דיר אונמיטעלבאר א לעבעדיג נאקעט געפיהל איבערגעגעבען גע-

ווארען, ווי עס וואלט עס דיין הארץ דירעקט פון א צווייטען צאפעלדיגען הארץ איבערגענומען. אויף אזוי פיעל עכטקייט און אויפריכטיגקייט געפינסטו אין דעם, אויף אזוי פיעל נשמה־וועה און הארץ־בענקשאפט פיהלט זיך דארטען.

און אט דער כאראקטעריסטישער שטריך זיינער איז עס געווען דער געבענשטער קוואל, פון וועלכען עס האבען זיינע פעהיגקייטען און טאלאנטען זייער יניקה געצויגען. אט יענע מעלה האט זיין גייסטיגע פיזיאנאמיע געשאפען און האט דעם שיקזאל זיינעם אלס שריפטשטעלער און דענקער באשטימט.

פארבראכט אין חדר און אין ישיבות נאר א יאהר דרייצעהן־פערצעהן איז דאך דאס אלעס, וואס איז אין זיין פסיכיק אין יענע יאהרען אריינגעטראגען געווארען, אלס „נכסי צאן ברזל" געבליבען און זענען געווארען די קער־רענדלאך, וועלכע זענען לעבען געבליבען אין אלעם דעם, וואס איז נאכדעם אויף זיין נשמה פארזייהט און פארפלאנצט געווארען.

איך קען זעהר ווייניג אידישע שריפטשטעלער, וועלכע זאלען אויף אזוי פיעל אידישע שריפטשטעלער זיין, ווי ליעסין איז עס, מיט דעם גאנצען כאראקטער פון זיין שרייבען און מיט דעם שריפטשטעלערישען טעמפעראמענט און ריטם זיינעם. אין פאר דעם לעצטען נומער „צוקונפט" איז פאראן א מערקווירדיג שעהן ליעד פון ליעסין: „מיין נשמה געוויין", וועלכעס הויבט זיך אן מיט די צוויי שורות: „עס האט אין דער נאכט זיך געגאסען מיין שטילער נשמה־געוויין" און ענדיגט זיך מיט די שורות: „און היים אין דער נאכט איז געפלאסען מיין תפלה, די שטילע, ארום". נאטירליך, פארמאגט ליעסין פיעלע אמתע און שעהנע לירישע ליעדער; ליעדער, וועלכע לעזען זיך ווירקליך ווי א תפלה.

זיי זענען אָבער ניט די כאַראַקטעריסטישע פאַר ליעסינען. אין מעהרסטען טייל זענען ליעסינס לירישע ליעדער אפילו מעהר ראָמאַנטישע, ווי לירישע, פּונקט ווי ער איז בכלל מעהר ראָמאַנטיקער, ווי ליריקער. און דאָס איז וואָס איך האָב אויבען געזאָגט, אַז די פּסיכיק זיינע, וואָס האָט זיך אין זיינע יונגע יאָהרען פאַרמירט, איז געבליבען דער קוואַל, פון וועלכען עס האָבען שוין שטענדיג זיין הארץ און נשמה געטרונקען. און דאָס איז וואָס איך האָב אויבען געזאָגט, אַז ליעסין מוז מיט זיין גאַנצען אַרט דענקען און פיהלען, מיט דעם גאַנצען כאַראַקטער פון זיין שרייבען און מיט דעם שריפטשטעלערישען טעמפּעראַמענט און ריטם זיינעם ביז צום העכסטען גראַד אַלס אמתער אידישער שריפטשטעלער באַטראַכט ווערען. דער כאַראַקטעריסטישער מאָדעל פאַר דעם גאַנצען תנ"ך איז ניט תהלים, נאָר ישעיהו און איוב. דער איד ווייסט ניט פון רעזיגנאַציאָן. ער פּראָטעסטירט אָדער באַזינגט. אויך אין דעם לירישען טייל פון תנ"ך איז מעהר ראָמאַנטיק, ווי ליריק פאַראַן. **די כאַראַקטעריס־טישע עלעמענטען פון דער פּאָעזיע אין תנ"ך איז ניט די תפלה צו גאָט, נאָר דאָס פּראָטעסטירען און דאָס אויסטענהן זיך מיט איהם, אָדער דאָס זינגען לויבגעזאַנגען און שבחים צו איהם.** די כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון דער פּאָעזיע אין תנ"ך זענען ניט די רוהיגע פריידי און די שטילע מעלאַנ־כאָליע, נאָר דער פּאַטאָס, דער ראָמאַנטיזם, דאָס טאַנצען אין די גאַסען פאַר שמחה און רייסען זיך די האָר אויפן קאָפּ פאַר כעס און וועהטאָג. אפילו אין די אידישע תפלות — אויך די וועלטען־רייכע און ברייט און פריי ווי דער אָקעאַן פליסענדע ימים־נוראים תפלות אריינגערעכענט — אפילו אין זיי פעהלט

דאָס שטילע און רוהיגע און ריין לירישע. זיי זענען מעהר קאָלעקטיווע קללות פאַר קאָלעקטיווע רשעים־גרופּען, ווי דער אינטימער און אינדיווידועלער אויסדרוק פון דעם אינטימען געבעט און פאַרלאַנגען פון דעם איינצעלנעם. עס פעהלט אין זיי גאָר אינגאַנצען כמעט דער עלעמענט פון תפלה. זיי זענען מעהר לויב־געזאַנגען צו גאָט, ווי דעם אויסגוס פון אַ צעבראָכען מענשליך האַרץ.

און אַזוי איז אויך ליעסינס שרייבען. זיין פּראָזע און זיין פּאָעזיע זענען שטענדיג אַ מין „סנה בוער באש". זיין שרייבען איז אַ פליסענדער שטראָם פון באַגייסטערטען, אי־בערגעלעבטען פּאַטאָס, פון האַרציגע ראָמאַנטישע טענער און פון שנעל יאָגענדען רייכען מוזיקאַלישען ריטם. זיינע פּוב־ליציסטישע אַרטיקלען מאַכען דעם איינדרוק שטענדיג ניט ווי אַ רוהיגער שטראָם, וואָס שלענגעלט זיך, נאָר ווי אַ וואַ־סער־פאַל, וואָס פאַלט מיט געוואַלדיגער קראַפט ארונטער. עס איז אין זיין שרייבען פאַראַן דעם פּאַטאָס, דאָס פּראָטעס־טירען, דאָס באַגייסטערט זיין. עס זענען אָבער זעלטען די שטילע טענער דאָרט פאַראַן. עס איז דאָס די ירושה, וואָס ער האָט מיט זיך פון זיינע קינדערשע יאָהרען מיטגעבראַכט. עס ליגט אויף דעם אַלעם דער שטעמפּעל פון תנ"ך.

און פון אָט יענע יאָהרען נאָך ציהען אויך די יניקה זייערע, זיין וואַרימע און הייסע ליבע פאַר דעם אידישען פאָלק און זיין שטאַרקע צוגעבונדענקייט צו דער אידיש־טראַדיציאָנעלער קולטור. אָט יענע יאָהרען זענען עס זיין גוטער מלאך געוועזן, וועלכער האָט איהם פאַרהיט, עס זאָל אויף איהם דער בייזער איינפלוס פון די נייע סביבות קיין שליטה ניט האבען.

און זיי זענען עס אויך דער קוואַל, פון וועלכען עס טרינקט דער אָפּטימיזם זיינער, זיין פעסטקייט אין זיינע

איבערצייגונגען, מיט וועלכער ער איז אין אזא גרויסער מאָס געבענטשט, און זיין גלויבען אין דעם מענשען. ווי יעדער אמתער פּאָעט איז אויך ליעסין אַ שטימונגס־מענש. ער לאָזט זיך אָבער קיינמאָל ניט פון זיינע שטימונגען צו־פיעל באַהערשען. ער געהט קיינמאָל ניט צו ביז צו דער מדרגה פון „וקצף וקלל במלכו ואלהיו". ער פאַרמאָגט גענוג צאָרן און פאַרביטערטקייט, ער זאָל געגען דעם בייזען און שלעכטען אין לעבען פּראָטעסטירען און קעמפּפען. ער פאַר־לירט אָבער קיינמאָל ניט צוליעב דעם דעם וועג זיינעם. ווי בייז די ווינטען זאָלען ניט בושעווען אויף דער וועלט, זענען זיי אָבער ניט בכח דאָס הייליגע פייער פון גלויבען, וואָס ברענט אין זיין הארצען, אויסצולעשען. עס איז זיין אָפּטי־מיזם, דער טראַדיציאָנעלער אידישער אָפּטימיזם, דער אָפּ־טימיזם פון די אידישע נביאים, וואָס דער לעצטער אַקאָרד אין אַלע זייערע שרעקליכע תוכחות איז דער נחמה־אַקאָרד. וואָס ווי שוואַרץ זיי זאָלען ניט זעהן און מאָלען די געגענ־וואַרט, זעהען זיי נאָך אַלץ די ליכטיגע האָריזאָנטען פון דער ווייטער צוקונפט.

און אין דאָזיגען זין איז ליעסין אויך איינער פון די וועניג־האַרמאָניש אויסגעהאַלטענע פּערזענליכקייטען צווישען אונזער שרייבער־קאָלאָניע. עס זענען ביי איהם קיין „שתי רשויות" ניט פאַראַן. זיין סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם זענען ניט קיין צוויי באַזונדער פּאַראַלעל־געהענדע שטראָמען, נאָר איין שטראָם, וואָס פליסט פון איין קוואַל אַרויס און זענען אין איין „שורש־נשמה" פאַראייניגט. עס האָבען זיינע אידישע יונגע יאָהרען צוזאַמען מיט דעם אידעאַליזם, וואָס ער האָט מיט זיך אַרויסגעטראָגען פון דער רוסישער ליטעראַטור, אויף

וועלכער ער האָט זיך ערצויגען, נאָכדעם, ווי ער האָט די ישיבה פאַרלאָזט, אויך אויף זיין סאָציאַליזם זיין שטעמפּעל אַרויפגעלעגט. עס שוועבט אויף זיין סאָציאַליזם דער גייסט פון די אידישע נביאים, וועלכע האָבען שטענדיג צוזאַמען דערמיט, וואָס זיי האָבען די אידישע גאולה פאָראויסגעזאָגט, געדענקט און גערעדט שטענדיג אויך וועגען דער אַלגעמיינער גאולה. ער איז מעהר לאָסאַליאַנער, ווי מאַרקסיסט. זיין סאָציאַליזם איז מעהר אַן עטישער און עסטעטישער, ווי דער געוועהנליכער טעאָרעטישער און אָרטאָדאָקסישער סאָציאַליזם. זיין סאָציאַליזם איז מעהר אַזעלכער, וואָס באַדאַרף קומען, ווי אַזעלכער וואָס מוז קומען.

און דעריבער הערען זיך אַזוי פיעל שעהנע אידעאַליסטישע טענער און עס פיהלט זיך אַזוי פיעל ווארימקייט און הארציגקייט אין זיין פרעדיגען דעם סאָציאַליזם.

# דער גרויסער מאַעסטראָ

דער פאַרשטאָרבענער דר. מאַקס נאָרדוי איז געווען איי־נער פון די אוניווערסאַלסטע און שאַרפסטע קעפּ, וואָס די מענשהייט האָט ווען פאַרמאָגט.

דו האָסט ניט געוואוסט וואָס פריהער צו באַוואונדערען אין נאָרדוי דעם דענקער, אין נאָרדוי דעם שריפטשטעלער, אין נאָרדוי דעם וויסענשאַפטסמאַן: די רייכע אַלזייטיגע ערודיציע זיינע אויף דעם געביט פון די אַלע פאַרשידענסטע צווייגען פון קונסט, ליטעראַטור און וויסענשאַפט, אָדער דעם שניידענדען און שאַרפען אַנאַליז, דאָס אַלזייטיגע ארומנעה־מען און די אויף־די־קלענסטע־טיילען־צעגלידערונג פון די אַלע ערשיינונגען און פּראָבלעמען, אויף וועלכע ער האָט דאָס ליכט פון זיין געניאַלער פעדער געוואָרפען.

דו האָסט ניט געוואוסט, אויף וואָס פריהער זיך אָפּצו־שטעלען אין זיינע אַרבייטען: אויף דער וואונדערבאַרער, ברייט, ווי דער ים, פּאַנאָנדערגיסענדיג זיך אַרגומענטאַציע זיינער, אין וועלכער עס ווערט אפילו ניט דער קלענסטער נויטיגער דעטאַל פאַרזעהן, אָדער, אויף דעם וואונדערליך האַרמאָנישען צונויפגיסען זיך פון דער דאָזיגער פאַרגעהענ־דער אַרגומענטאַציע אין די שלום־אַקאָרדען און רעזומירטע מסקנות; אויף דער מאַסיוויטעט און גראַנדיעזיטעט פון דער סטרוקטור פון זיינע אַרבייטען, אָדער אויף דער שעהנער און אימפּאָנירענדער אַרכיטעקטור זייערער.

מיט זיין טויט איז פאַרשוואונדען איינער פון יענע שריפטשטעלער, וועלכע ווערען אַלס גרויסע מייסטער באַצייי־

בענט. ער איז געווען איינער פון די געצעהלטע מייסטער, וואס האבען נאך מיט אונז אין לעצטען דור געלעבט.

נאר נאך א צוויי דריי שריפטשטעלער פארמאגט אונ־זער דור, וואס זענען ראוי מיט יוׂם דעם נאמען צו באצייכענט ווערען. עס האלט דערביי, עס זאל באלד געניצליך פארשוואונדען ווערען דער דאזיגער טיפּ דענקער און שריפט־שטעלער פון דער אידעען־און־געדאנקען־וועלט פון אונזער דור. נאר א פּאר זקנים פון דעם טיפּ, צווישען וועלכע עס געפינט זיך אונזער א צווייטער איד, געארג בראנדעס, פאר־מאגען מיר נאך איצט.

ער איז ווירקליך א גרויסער מייסטער געווען. ער איז געווען איינער פון די גרעסטע מאעסטראס וואס האבען ווען אין דער אלוועלטליכער ליטעראטור זיך געפונען.

די דאזיגע דענקער און שריפטשטעלער, וואס באלאנגען צום גרויסען מאעסטרא־טיפּ, זענען פון דעם זעלבען מאטע־ריאל באשאפען, פון וועלכען עס ווערען גאונים באַ־שאפען. אויך זיי זענען מיט דער הכנה צו געניאלי־טעט באשענקט. און ווען זיי וואלטען וועלען און קענען אויף איין געביט זיך קאנצענטרירען, צו איין געגענשטאנד זיך ווידמענען, וואלטען זיי אויך זיכער געקענט די מדרגה פון א גאון־זיין דערגרייכען.

זיי ווילען עס אבער ניט און קענען עס ניט. זייער מיסיאן איז גרויסע מייסטער צו זיין אין לעבען. זיי פיהלען זייער באַרוף, די לעהרער און וועג־ווייזער פון זייער דור צו זיין.

און דעריבער זענען זיי אוניווערסאל און אלזייטיג, דאן, ווען דער גאון איז אין די מעהרסטע פעלע איינזייטיג, נאר אין איין מקצוע ספּעציאליזירט. און דעריבער שטעלען זיי זיך קיינמאל ניט אין דער זייט פון לעבען אוועק, ווערען

זיי קיינמאל ניט נאר פון איין מקצוע פארשלונגען, דאן ווען די גאונים שליסען אפטמאל זיך און דעם מקצוע, אויף וועל־כען זיי ארבייטען, מיט א טויבער וואנט אפ פון דעם ארו־מיגען לעבען.

זיי שטעהען אויף דער וואך שטענדיג, עס זאל ניט פאר זיי קיין איין ערשיינונג פון לעבען אומבאמערקט פאר־ביילויפען, און זיי זאגען זייער ברייטער דעה ארוים וועגען אלעס, מיט א טאן פון מענשען וואס ווייסען אלעם און זענען פאראנטפארטליך פאר אלעם. די דאזיגע גרויסע מייסטער זענען דער מוח און דאס געוויסען פון דער מענשהייט; זיי האלטען זייער אויג אויף די אלע וועגדונגען פון איהר לעבען און ווארפען דאס ליכט פון זייער אפשא־צונג אויף די אלע ניי־געשאפענע קולטורעלע ווערטען. זיי מוזען אלע נייע שטרעמונגען, אלע נייע ריכטונגען מיט דעם שטעמפעל פון זייער סאנקציאנירען און פארווארפען אפ־שטעמפלען.

און אויב די דאזיגע גרויסע מייסטער ווייזען ניט קיין גאונות ארוים אויך אויף קיין איין מקצוע אפילו פון די אלע מקצועות אויף וועלכע זיי ארבייטען, דער שטעמפעל פון גאונות אבער ליגט דאך אויף דער טעטיגקייט זייערער, מיט וועלכער זיי טרעטען אויף יעדען איינציגען מקצוע ארוים.

עס ליגט גרויסקייט אין דעם אוניווערסאלען וויסען, וואס זיי באזיצען. עס ליגט גרויסקייט אין דעם פארנעהם זיי־ערען. אין אלעם דעם וואס זיי טהוען איז דא די גדלות, די שלימות פון גרויסען מאעסטרא. עס ליגט גרויסקייט אין דעם ערנסט, מיט וועלכען זיי נעהמען זיך, אין דעם, וואס זיי האלטען זיך און פיהרען זיך שטענדיג גלייך, ווי עס וואלט אויף זיי די פאראנטווארטליכקייט פאר דער פיהרונג

פון זייער דור געלעגען. עס ליגט גרויסקייט אין דעם פאראייניגענדען גייסט, וואס הערשט אין אלעם דעם, וואס זיי שרייבען און פרעדיגען, אין דעם, וואס עס פיהלט זיך, אז די גאנצע גייסטיגע טעטיגקייט זייערע איז די אומאויפהערליכע פאנאנדערוויקלונג פון איין גרויסער צענטראלער אידעע, וואס דיענט זיי אלס לייכט־טורם אין דעם גאנצען לעבענסוועג זייערען.

און אט די גרויסקייט האט זיך אויך געפונען אין פארשטארבענעם דר. מאקס נארדוי.

מעהר ווי פופציג יאהר האט ער די פעדער ניט ארויסגעלאזט פון זיין האנט. ער האט זיך מיט זיין אורטיילענדיג ווארט אפגערופען אויף די אלע טאג־טעגליכע פאסירונגען פון לעבען. עס האט זיין אויפמערקזאמקייט די פארבייגעהענסטע ערשיינונגען ניט אויסגעמיטען, און גלייכצייטיג מיט דעם האט ער אומאויפהערליך אויך אויף אלע פראבלעמען און פראגען, וואס זענען פון אייביגער ווערט, געארבייט.

און דאך זענען די דאזיגע אלע פארשידענע ארבייטען זיינע דורך א מערקווירדיגער הארמאנישער איינהייטליכקייט פאראייניגט.

עס איז, ווירקליך, עטוואס גרויסעס פארהאן אין דעם פאראייניגענדען גייסט, וואס הערשט אין אלעם דעם, וואס ער האט אויף פארשידענע געביטען און אין פארשידענע צייטען געשאפען.

אויך אין די ליטערארישע פאר דעם מאמענט ארבייטען זיינע טרעט פאר אונז ארויס נארדוי דער דענקער, נארדוי דער פסיכאלאג, נארדוי דער וויסענשאפטסמאן, נארדוי דער געלעהרטער, דער מחבר פון גרינדליכע און אויסשעפענדע וויסענשאפטליכע ווערק.

און דאגעגען ווידער זעהען מיר פאר זיך אויך אין די רײן־וויסענשאפטליכע ווערק זיינע דעם נארדוי פון די אל־טעגליכע ליטעראַרישע ארבייטען זיינע. מיר געפינען דארטען נארדוי דעם פובליציסט, נארדוי דעם לעהרער, נארדוי דעם שטראפער פון דער מענשהייט פאר פאלשקייט, צביעות און טעמפּקייט, אין וועלכען זי זינקט, נארדוי דעם וועקער פון געוויסען פון מענשען.

דו זעהסט, אז די אלע פארשידענע פארמען פון זיין שרייבען זענען אלע פאראייניגט געווען אין דעם הויפּט־כאראקטער זייערען, אין דעם הויפּט־כאראקטער פון אן אונ־אויפהערליכען פאנאנדערוויקלען פון דעם גרויסען צענטראלען לעבענס־אמת, וואס האט ביי איהם אין הארצען געלעבט און וועלכען ער האט געוואלט אויף וואס מעהר מענשען ארויפצווינגען. דו זעהסט, אז די וויסענשאפט, מיט וועלכער ער האט זיך באשעפטיגט, איז ביי איהם מעהר וויכטיג געווען צוליעב די הויכע צוועקען, וואס ער האט געגלויבט דורך איהר צו דערגרייכען, ווי זי איז איהם צוליעב זיך אליין וויכטיג גע־ווען. דו זעהסט, אז דאס שרייבען איז ניט געווען ביי איהם א ציעל פאר זיך, נאר א מיטעל, דורך וועלכען ער האט גע־וואלט גרעסערע און העכערע צוועקען דערגייכען.

---

מען איז געוועהנט צו באצייכענען דר. נארדוי אלס צער־שטערער, אלס צעברעכער, אלס אזא איינעם, וואס האט ניט געהאט פאר זיינע אויגען אין זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט די צוועקען פון שאפען און בויען.

עס קען אבער קיין גרעסערער טעות פון אזא מיינונג ניט זיין. נארדוי איז הויפּטזעכליך א שאפער און בויער געווען. זיין ברעכען און צערשטערען איז תמיד אין נאמען פון א בויענדען שאפענדען פּרינציפּ געווען.

ער האט זיך געהאט זיין אייגענע לעבענס־אידעע, וועל־כע איז געשטאנען אין צענטער פון אלעם דעם, וואס ער האט געשריבען, און וועלכע איז באשטאנען אין דעם, אז ווי גרויס און וויכטיג עס זאל ניט זיין דער פרט, דער טייל, די באזונדערע ערשיינונג, די באזונדערע ריכטונג, קענען זיי זייער זכות הקיום ניט געפינען נאר אין זיך אליין, קען ניט שוין זייער עקזיסטענץ אליין אויך זייער צוועק זיין, נאר זיי מוזען האבען א העכערען צוועק, ווי עס קען נאר זייער עקזיסטענץ אליין זיין, נאר זיי מוזען געפינען זייער זכות הקיום אין דעם, אויף וויפיעל זיי קענען דינען די העכסטע ציעלען, צום דיענסט פון וועלכע עס באדארף אלעם אין לעבען געשטעלט ווערען; זיין אייגענע לעבענס־פילאזאפיע, אז עס קענען ניט זיין קיין אויסשליסליך עסטעטישע ווערטען פאר ערשיינונגען און ריכטונגען, נאר זיי מוזען די דאזיגע ערשיינונגען און ריכטונגען אויך פון זייערע עטישע ווערטען קאנטראלירט ווערען.

די אלע פענאמענען פון דעם מענשליכען שאפען דאר־פען פאראייניגט ווערען אין דעם הויפט־פרינציפ, וואס מוז דער יסוד פון זיי אלע זיין, און באדארף דורך זיי דעם וועג צו זיינע ציעלען און צוועקען געפינען — אט דאס אלעם איז געווען דער גרויסער אמת, וואס האט תמיד אין זיין הארצען געלעבט און אין נאמען פון וועלכען ער האט געקעמפט און גערעדט שטענדיג. עס באדארף אלעם פיהרען דערצו, אז דער מענש זאל אונאויפהערליך שטרעבען צו אלץ מעהר גע־זינטערע, אלץ מעהר הארמאנישע, אלץ מעהר פאלקאמע, אין עסטעטישען, ווי אויך אין עטישען זין, לעבענס־פארמען, ביז ער זאל ענדליך אין דעם אלעם די גרעסטע שלימות דער־גרייכען.

און דעריבער האט ער אזוי ביטער באקעמפט אין דער ליטעראטור אט דאס אלעס, וואס האט געהאט די טענדענץ

אראפּצופיהרען דעם מענשען פון דאזיגען וועג, דאס אלעס, וואס האט געקענט ארויסברענגען די אינסטינקטען און די עמאציאנען פון דער מענשהייט פון איהר גלייכגעוויכט.

און דעריבער איז ער אזוי באשעפטיגט געווען שטענדיג מיט זיין בויאונגס און שאפונגס ארבייט צושטערען און צוברעכען דאס אלעס, וואס האט געקענט שטערען די האר־מאניע פון דער מענשליכער ענטוויקלונג, וואס האט געקענט זיך אלס א שטיין אין וועג לעגען פאר דער פאראייניגונג, וואס ער האט געוואלט זעהן אין די אלע פארשידענסטע ווינקעלאך פון מענשליכען שאפען, דאס אלעס, וואס האט פון מאניסטישער צונויפגיסונג, צו צעגלידערונג, פאנאנדער־טיילונג און פאנאנדערפאלונג געקענט פיהרען, דאס אלעס, וואס האט געקענט איינעם פון די צוויי פּרינציפּען: די עטישע ווערטען און די עסטעטישע צו דער מדרגה פון א פּאראזיט דערפיהרען, ער זאל לעבען און ענטוויקלען זיך אויף דעם חשבון פון צווייטען.

---

ניין, מאקס נארדוי איז ניט געווען נאר א צושטערער, נאר א צוברעכער. ער איז אפילו ניט נאר א רעוואלוציאנער געווען. עס האט געפעהלט אין איהם דערויף דער עלעמענט פון ציניזם, פון סקעפּטיציזם, און דער עלעמענט פון אוואנ־טוריזם און היסטערישקייט. ער איז ניט קיין ציניקער און ניט אפילו קיין סקעפּטיקער געווען. ער איז א גלויביגער געווען. ווען ער וואלט עס ניט געווען, וואלט ניט זיין פעדער אזא ליידענשאפטליכע און טעמפּעראמענטפולע געקענט זיין. ווען ער וואלט עס ניט געווען, וואלט זיך ניט זיין שרייבען מיט אזא קרעפטיגען פּראפעטישען פּאטאס געקענט אויס־צייכענען, וואלט ניט די אנרעסיוויטעט זיינע אזוי פיעל

לייבען־גבורה פאַרמאַגט. און נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אין טיעפען תוך פון זיין נשמה אַ גלויביגער געווען, האָט ער געקענט נאָכדעם, וואָס ער איז שוין אין זעקסטען צעהנד־ליג יאָהרען געשטאַנען, מיט אַזאַ באַגייסטערונג און מיט אַזאַ איבערגעבענקייט צום ציוניזם זיך אָוועקגעגעבען. אַנדערש וואָלט אַונמעגליך געווען, עס זאָל קענען אַזאַ איבערברוך אין זיין לעבען קומען.

---

ער איז ניט קיין צוברעכער און צושטערער געווען. ער איז אַ אידישער דענקער געווען. ער האָט אין זיך די בקיאות און חריפות פון אַ אידישען „סיני" און „עוקר הרים" פאַר־מאָגט. און ווי די וואָפען זיינע איז, לויט איהר קוואַליטעט, אַ אידישע געווען, ווי עס האָט זיך אין איהר אָפּגעשפּיגעלט די אייגענשאַפטען פון אידישער גאונות, אַזוי איז אויך דער קאַמף זיינער, דער אינערליכער תוך פון אָט דעם קאַמף, אַ אידישער געווען. ער האָט מיט אָט דעם אידישען וואָפען די אַלטע אידישע קולטורעלע סיני־ווערטען פאַרטיידיגט.

עס איז פיעל געשריבען געוואָרען וועגען דעם, צי איז די אידישע רעליגיאָן, די אידישע פילאָזאָפישע וועלט־באַ־נעהמונג אַ מיסטישע אין תוך איהרען, צי עס זענען אין איהר געגנוג עלעמענטען פאַרהאַן צו באַפרידיגען און צו קולטיווי־רען דאָס מיסטעריעזע אַרומוואַנדער־ען פון דער מענשליכער נשמה.

עס מוז אָבער צוגעגעבען ווערען, אַז דאָס קלאַסישע רע־ליגיעזע סיסטעם פון אידענטום, וואָס איז צו זיין אויסדרוק געקומען, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט זיך אָט ערשט אַלס נאַציאָן געהאָט קריסטאַליזירט, ווען עס האָט נאָך די עפּאָכע פון זיין בליהענדער יוגענד דורכגעמאַכט, האָט זיך פאַר־

מירט אונטער דעם צייכען פון די אבזיכטליכע און באוואוסטזיניגע טענדענצען און שטרעבונגען, וואס וועניגער מיסטישע עלעמענטען אין זיך צו ענטהאלטען, אין וואס וועניגער מיסטעריעזע לאבירינטען, די מענשליכע נשמה זיך לאזען צו פארפלאנטערען.

די גרונד־פרינציפען פון די רעליגיעזע, סאציאלע און עטישע מאזאאישע דאקטרינען ווערען ווי דורך א רויטען פאדים פאראייניגט דורך דער שטרעבונג, דאס לעבען אונטער דער ממשלה פון שכל צו שטעלען, ניט לאזען דעם מענשען א שקלאף צו ווערען פון זיינע מיסטישע נייגונגען און פון רייצבארע נשמה־נארקאטינען.

דער הויפט־פרינציפ, אויף וועלכען עס איז דאס גאנצע קלאסישע אידענטום, אלס רעליגיאן און אלס סאציאל־עטישעס סיסטעם, אויפגעבויט, איז דער פרינציפ פון צדק און יושר אין די אלע באדייטונגס־שאטירונגען פון די דאזיגע ווערטער און אין די אלע מעגליכסטע אנווענדונגען זייערע, צום האנדלען, דענקען און פיהלען פון מענשען.

די תורה ווייסט פון דעם קראנקהאפטען, פון דעם נעבעלהאפטען, פון דעם אויפגערייצטען, וואס לעבט אין דער נשמה פון מענשען. זי ווייסט פון די גרענעצלאזע רייכע פאנטאסטישע וועלטען, וואס די לויזלאזע מענשליכע פאנטאזיע האט באשאפען. עס זענען דא אין איהר גענוג סימנים דערויף. עס זענען דא אין איהר באדייטענדע שפורען פון דעם אלעם. דארטען, וואו זי האט זיך ניט געקענט העלפען, האט זי פיעלעס פון דעם אלעם געמוזט אריינגעהמען אין זיך. יא, זי ווייסט פון דעם אלעם. איהר אונאויפהערליכע שטרעבונג איז אבער דאס אלעם צו באקעמפען. וואס זי וויל איז צו זעהן אין די רעליגיעזע קאנצעפציאנען פון מענשען, ווי אויך אין די

סאציאַלע לעבענס־פאָרמען זיינע. דאָס וואָרהאַפּטיגע, דאָס געזונדע, דאָס נאָרמאַלע.

און אַט אַזוי האָבען זיך די ביידע באַגריפען: דער באַ־גריף וועגען דעם ריכטיגען, דעם נאָרמאַלען, דעם געזונטען און דער באַגריף וועגען גערעכטען און עטישען קאָמבינירט אין העברעאישען אין איינע און די זעלבע ווערטער און זיי זענען סינאָנימען געוואָרען. דאָס וואָרט צדק, וואָס האָט אין זיין אורשפּרונג, אין דעם אַלטען שורש־נשמה זיינעם, געמיינט דאָס ריכטיגע, האָט אין זיין וויטערער פילאָלאָגיש־פּסיכישער ענטוויקלונג געקראָגען אויך די באַדייטונג פון דאָס גערעכטע. און עס איז אַן עטישער אינהאַלט אויך אַריינ־געלעגט געוואָרען אין דעם וואָרט יושר, וואָס זיין אורשפּרינג־ליכע באַדייטונג איז גראַדיגקייט, ניט אָראָפּגעפיהרטקייט פון וועג. דאָרטען, הייסט עס, וואו עס איז קיין עטישער אמת ניטאָ קען אויך קיין אַנדער אמת ניט זיין. און דער עטישער אמת דאַרף געזוכט ווערען אויף דעם וועג פון לאָ־גישען אמת, אויף דעם וועג פון גראַדען, פון געזונטען, פון נאָרמאַלען. דאָס ריכטיגע איז אויך דאָס גערעכטע, און דאָס גערעכטע איז אויך דאָס ריכטיגע.

דער אידעאַל פון מאָזאאיזמוס איז געווען צו קולטי־ווירען ביים מענשען אַ ראַציאָנאַלע באַציהונג צו וועלט און לעבען און געזונטע סאָציאַלע אינסטינקטען, דורך וועלכע עס זאָל ווערען די טרייב־קראַפט פון דער טעטיגקייט פון דעם פּרט — די שטרעבונג זיינע דאָס גליק, דעם מאַטעריעלען און דעם גייסטיגען וואוילזיין פון דעם גאַנצען קאָלעקטיוו צו פאַרגרעסערען.

און צו דעם אַלעם האָט אויך דער פאַרשטאָרבענער דר. מאַקס נאָרדוי געשטרעבט אין דער גאַנצער ליטעראַרישער טעטיגקייט זיינער. און דעריבער האָט ער זיך אַזוי געגענגע־

שטעלט געגען די אַלע ריכטונגען און שטרעמונגען, וועלכע האָבען אין זיך אַ קרענקליכען און נעבעלהאַפטען עלעמענט פאַרמאָגט, אין וועלכע עס איז צופיעל אַפּנייגונג פון אַ ראַ־ציאָנאַלער אַנשויאונג אויף דער וועלט פון אַ ראַציאָנאַלער באַציהונג צום לעבען געווען, וועלכע האָבען אויף אַן אַנטי־עטישען פּרינציפּ באַזירט. און דעריבער האָט ער אַזוי שטאַרק באַקעמפט די אַלע לעהרען און דאָקטרינען, וואָס זענען דורך זייער איבערטריבענעם אינדיווידואַליזם אָדער דורך זייער איבערטריבענעם אַסקעטיזם אַנטי־סאָציאַל געווען. ער איז פריהער פאַר אַלעם און שפּעטער פאַר אַלעם אַ אי־דישער דענקער געווען. עס איז געווען דער אידישער קאַמף געגען געצענדינערייִ אין זיין קאַמף געגען פּעטישיזם אין דער ליטעראַטור, אין דעם קאַמף זיינעם געגען פאַרגעטע־רונג פון ריכטונגען און פון די פאַרשטעהער זייערע. עס איז געווען דער אידישער קאַמף פאַר עטישע־סאָציאַלע ווער־טען אין דעם קאַמף זיינעם געגען „קונסט לשם קונסט". דעם גאַנצען לעבען זיינעם האָט ער אויך געקעמפט פאַר אָט יע־נעם אויבענדערמאָנטען פּרינציפּ פון צדק און יושר אין די אַלע באַדייטונגס־שאַטירונגען זייערע.

---

עס איז פון אונז אַ גרויסער מאַעסטראָ אוועק.

עס איז ניט ווניגער גרויסקייט געווען אין דער פעסט־קייט און זיכערקייט פון טאָן פון זיין שרייבען, ווי אין דער ערודיציע, וואָס ער האָט אין זיין שרייבען אַרויסגעוויזען, וועלכע וואַרפט אויף דיר אַן אימה אַן מיט איהר ריעזיגקייט. ער איז ניט ווניגער גרויס געווען מיט דעם מערקווירדיגען קלאָהרען און לאָגישען קאָפּ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, ווי מיט דער אַראַטאָרישער קראַפט און אינספּירירטען נשמה־

פאטאס, מיט וועלכען עס האט זיך זיין שרייבען אזוי אויס־געצייכענט. עס איז ניט וועניגער גרויסקייט געווען אין די וועלט און לעבען ארומנעהמענדע אידעען, וואס האבען אין זיין הארצען געלעבט, ווי אין דעם, וואס זיי זענען שטענדיג אין צענטער געשטאנען פון אלעם דעם, וואס ער האט אויף די פארשידענסטע געביטען און אין די פארשידענסטע צייטען געשאפען.

# אונטער אַ מאַסקע

.1

איינע פון די אָפּשטויסענדסטע באַוועגונגען און שטרע־מונגען אין דער אידישער געשיכטע איז געווען די רעפאָרם־באַוועגונג, אי אין דער פאָרם, אין וועלכער עס איז איהר ענטשטעהונג פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד, און אויך אין דער פאָרם, אין וועלכער זי איז איבערגעפלאַנצט געוואָרען מיט אַ פּאָר צעהנדליג יאָהרען שפּעטער אין די פאַראייניגטע שטאַטען.

פאַרגלייכענדיג די דאָזיגע רעפאָרם־באַוועגונג מיט אַט יענע אַלע וואונדערבאַרע באַוועגונגען, וואָס דער גניוס פון אידישען פאָלק האַט אין אונזער לעבען געשאַפען, מיט אַט יענע אַלע וואונדערבאַרע באַוועגונגען, וואָס זענען אַזוי פיעל אין צאָהל אין אונזער געשיכטע געוועזען, מיט אַט יענע אַלע וואונדערבאַרע באַוועגונגען, וואָס האָבען זיך שטענדיג מיט אַזויפיעל רעליגיעזען פּאַטאָס, מיט אַזוי פיעל גרויסען שוואונג פון עקזאַלטירטען אידעאַליזם אויסגעצייכענט, מוזען מיר די דאָזיגע באַוועגונג אַלס ממזר־קינד, אַלס פאַרזעהעניש באַ־טראַכטען, מוזען מיר קוקען דערויף, ווי אויף אַ מיסגעבורט, וואָס האָט אין דער עמבריאָ שוין זיין פּאַטאָלאָגישען כאַראַק־טער, זיין קרימינעלע וועזענטליכקייט געטראָגען.

נידערטרעכטיג און געמיין זענען איהרע מאָטיוווען און פאַקטאָרען געווען. און נידערטרעכטיג און געמיין זענען אויך געווען די ציעלען און צוועקען, וואָס זי האָט זיך גע־שטעלט.

עס איז נאָך קיינמאָל קיין רעפאָרם־באַוועגונג, וואָס איז אויף דעם רעליגיעזען באָדען פאָרגעקומען, אַזוי אַנטי־רעלי־גיעז און גאָטלאָזיג געווען, ווי עס איז אַט יענע אידישע רעפאָרם־באַוועגונג געווען.

דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון די אַלע רעליגיעזע רעפאָרם־באַוועגונגען, פון וועלכע די מענשליכע געשיכטע ווייסט, איז געווען דאָס, וואָס אין עצם תוך זייערען, זענען זיי טיעף־רעליגעזע באַוועגונגען געווען. אין נאָמען פון דער אינערליכער נשמה פון דער רעליגיאָן האָבען די דאָזיגע באַ־וועגונגען די אויסערליכע פאָרמען איהרע באַקעמפט. אין נאָמען פון איהר אורשפּרינגליכער קדושה האָבען זיי באַ־קעמפט די טומאה, וואָס איהרע אָפיציעלע פאָרשטעהער האָ־בען אין איהר אריינגעטראָגען. פיעל מעהר, ווי עס האָט זיך אין זיי פאָרקערפּערט אַ קאַמף געגען דער באַקעמפטער רע־ליגיאָן בכלל, איז דאָס גאָר געווען אַ קאַמף פון אַט יענער רעליגיאָן אַליין אין דער ריינער פאָרם איהרער געגען דעם פּאַראַזיטען־באַלאַסט, וואָס מען האָט אין איהר אָנגעהאָנגען. דאָס איז געווען אַ קאַמף, וואָס דער אינערליכער אויטאָרי־טעט פון דער רעליגיאָן האָט אָנגעפיהרט געגען דעם אויסער־ליכען אויטאָריטעט איהרען, געגען די פּראָפאַנירענדע אַפּיטרופּסים איהרע. אין נאָמען פון ריינערע רעליגיעזע באַ־גריפען, וואָס זאָלען וועקען ביים מענשען אַ שטרעבונג, אַ שעהנער און העכער לעבען צו פיהרען, אין נאָמען פון פרייען שוואונג צוגעבען דער פּאָטענציעלער ענטוויקלונג, וואָס איז אין יענער רעליגיאָן שוין אין אָנהויב פון איהר ענטשטעהונג געלעגען, האָבען די טרעגער פון אַט יענע רעפאָרם־באַוועגונ־גען באַקעמפט די אָפיציעלע קברנים פון דער רעליגיאָן, וואָס האָבען זי אין אַ פאַנאַנדערפאַלענדען קערפּער פאַרוואַנדעלט.

און דער צווייטער כאַראַקטעריסטישער שטריך איז געווען דער דעמאָקראַטיזם זייערער.

דאָ, ווען די אָפיציעלע פאָרשטעהער צו דער צייט, ווען די אויבענבאַשפּראָכענע רעפאָרם־באַוועגונגען זענען פאָרגעקומען, האָבען געשטרעבט דערצו, זיי זאָלען וואָס מעהר דאָס פאָלק אין רעליגיעזער פינסטערניש, אין רעליגיעזער אומוויסענהייט האַלטען, האָבען די טרעגער פון אָט יענע רעפאָרם־באַוועגונגען געשטרעבט דערצו — דער וועג פון וואָס ברייטערע פאָלקס־שיכטען מיט דעם העלען ליכט פון געלייטערטען רעליגיעזען באַוואוסטזיין צו באַלייכטען. און אָפטמאָל איז צוזאַמען מיט דעם רעליגיעזען קאַמף, וואָס יענע רעפאָרמאַטאָרען האָבען אָנגעפיהרט, אויך אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישער קאַמף פאַר די לעבענס־אינטערעסען פון די ברייטע פאָלקסשיכטען מיטגעגאַנגען.

און צוזאַמען מיט די דאָזיגע צוויי הויפּטשטריכען קומט נאָך אויך דער דריטער כאַראַקטעריסטישער שטריך, דער מסירת־נפשדיגער אידעאַליזם, מיט וועלכען די טרעגער פון רעפאָרם־באַוועגונגען האָבען זיך אויסגעצייכענט. זיי האָבען פון זייער פיהרערשאַפט, פון די נייע רעליגיעזע לאָזונגען, מיט וועלכע זיי זענען צום פאָלק געקומען, ניט נאָר גאָר ניט געהאַט צו געווינען, נאָר אויך אַלעס צו פאַרלירען געהאַט. זיי האָבען געוואוסט, אַז זייער וועג וועט מיט שטעכעדיגע דערנער אויסגעבעט זיין. זיי זענען אָבער גרייט געווען אויף דעם. זיי האָבען אויף זיך מקבל באהבה געווען די אַלע יסורים, וואָס זיי האָבען געהאַט אויסצושטעהן פאַר דעם, וואָס זיי זענען געקומען צום פאָלק פּראָפּאַגאַנדירען דעם רעליגיעזען אמת, וואָס האָט אין זייער הארצען געלעבט. זיי זענען גרייט געווען ניט נאָר זייער מאַטעריעלע באַקוועמליכ־

קיטען אויפן מזבח פון דעם דאָזיגען רעליגיעזען אמת מקריב צו זיין, נאָר אויך זייער לעבען פאַר אַ קרבן צו ברענגען.

---

און די דאָזיגע כאַראַקטער־שטריכען האָבען אויך פאַרמאָגט די אַלע רעליגיעזע באַוועגונגען, וואָס זענען ביי אונז פאַרגעקומען. ניט נאָר די, וואָס האָבען די סאַנקציע פון אידענטום געקראָגען, וואָס זענען אַ טייל פון איהם געוואָרען, האָבען אָט יענע כאַראַקטער־שטריכען פאַרמאָגט: עס האָבען פאַרמאָגט זיי אויך די לינקע רעליגיעזע באַוועגונגען, די, וואָס דאָס אידענטום האָט אויסגעשפּיגען פון זיך. טראָץ דער אַנטי־היסטאָרישקייט זייערער, צוליעב וועלכער זיי זענען פון אידענטום פאַרשטויסען געוואָרען, צוליעב וועלכער זיי זענען אָהן ווירקונג אויף דעם אידענטום געבליבען, האָבען אויך די דאָזיגע לינקע רעליגיעזע באַוועגונגען קיין אַנטי־נאַציאָנאַלען עלעמענט ניט פאַרמאָגט, לויט די ציעלען און צוועקען, וואָס זיי האָבען זיך געשטעלט. זייערע מאָטיווען זענען ניט קיין דרויסענדיגע געווען, נאָר אינערליכע. די עלעמענטען, וועלכע זענען די טרעגער פון די דאָזיגע באַוועגונגען געווען, האָבען ניט געמאַכט די רעליגיעזע רעפאָרמען, וואָס זיי האָבען פאַרפאָלגט, פאַר אַ מעדיום, דורך וועלכען זיי זאָלען מעהר מאַטעריעלע באַקוועמליכקייטען דערגרייכען. עס איז געווען אין די דאָזיגע באַוועגונגען דער עלעמענט פון רעליגיעזער אומרוהיגקייט, פון רעליגיעזען זוכען, פון אומצופריעדען זיין מיט דער פאַרגליווערטקייט, פאַרשטיינערטקייט פון דער רעליגיעזער אַלטעגליכקייט. וואָרים ניט נאָר זענען ניט די טרעגער פון די דאָזיגע באַוועגונגען אַנטי־רעליגיעז געווען, נאָר פאַרקעהרט נאָך, זיי זענען טיעף־רעליגיעזע נאַטורען געווען. און אין דעם נאָמען פון דעם טיעף־רעליגיעזען גע־

פיהל, וואָס האָט אין זיי געלעבט, האָבען זיי פאַר זייערע נייע רעליגיעזע אמתען געקעמפט. די דאָזיגע באַוועגונגען האָבען געקעמפט — אָדער פאַר מעהר עלאַסטישקייט אין דער רעליגיעזער דאָגמאַ, פאַר מעהר רעליגיעזער באַוועגליכקייט, פאַר ווייניגער געבונדען זיין אין טעכניש־רעליגיעזע קיטען; אָדער פאַר דער ספּעציעלער קדושה פון די אַלטע רעליגיעזע ווערטען; געגען די צוגעגעבענע נייע רעליגיעזע ווערטען, וואָס די אַנטוויקלונג פון די שפּעטערדיגע דורות האָט גע־בראַכט, אין נאָמען פון יענער רעליגיעזער ווזענטליכקייט, וואָס די אַלטע דורות האָבען פעסטגעשטעלט.

אפילו די קאַראַאימישע באַוועגונג, וואָס האָט צו אַזאַ ראַדיקאַלען ריס אין דעם אידישען לעבען געבראַכט, וואָס האָט די רעליגיעזע רעפאַרמען, וואָס זי האָט פאַרפאָלגט, אויף אַזאַ אויסגעשפּראָכענעם רעוואָלוציאָנערען וועג אַוועקגע־פיהרט, אפילו אין איהר האָבען מיר דאָס אַלעס, וועגען וועל־כען איך האָב אויבען גערעדט, געזעהן.

דאָס, וואָס זי האָט דעם גאַנצען קאַמף איהרען אַנטקעגען דער „תורה שבבעל־פה" אין נאָמען פון דער „תורה שבכתב" געפיהרט, באַווייזט פיעל מעהר ווי גענוג, אַז די טרעגער פון דער דאָזיגער באַוועגונג זענען ניט אַנטי־רעליגיעז געווען, אַז זיי זענען אויף דעם פעסטען רעליגיעזען באָדען געשטאַנען. פאַרוואַרפענדיג די תורה פון די חכמי התלמוד, האָבען זיי זיך מיט דער גרעסטער צוגעבונדענקייט אין „תורת משה" געהאַלטען. זי איז געוואָרען ביי זיי דער אָביעקט פון זאָרגפולען שטודיום, אַזוי, אַז גאָר גיך האָבען אויך זיי שוין אַן אייגענעם תלמוד פאַרמאָגט. דער אונ־טערשיד פון אונזער תלמוד און זייער תלמוד איז באַשטאַנען הויפּטזעכליך נאָר אין דעם, וואָס אַנשטאָט דעם, וואָס אונזער תלמוד האָט זיך אויף אַ נאַטירליכען אופן ענטוויקעלט און

איז ניט ענטשטאַנען אונטער דעם צייכען פון זייטיגע פּניות, אַ צווייטען קאָנקורענט להכעיס צו טאָן, האָט זיך זייער תורה שבעל פּה אויף אַן אומנאַטירליכען אופן ענטוויקעלט, און עס איז ביי זיי אַ צו־להכעיס תלמוד ענטשטאַנען, וואָס דער הויפּט־צוועק זיינער איז געווען זיין קאָנקורענט צו באַקעמפען און וואָס מעהר אין דער גאַל איהם צו רעדען.

און אויב דאָס אַלעס איז גענוג אויך דארויף, צו באַ־ווייזען, אַז זיי זענען אויך ניט אַנטי־נאַציאָנאַל געווען, קומט דערצו צו נאָך אַ באַווייז, וואָס באַווייזט ניט נאָר דאָס אַליין, אַז זיי זענען ניט אַנטי־נאַציאָנאַל געווען, נאָר אויך דאָס, אַז עס האָט אין זיי אַ שאַרף נאַציאָנאַל געפיהל געלעבט. וואָס אַנבאַלאַנגט זיי אַליין, האָבען זיי זיך נאָר אַלס די איינציגע טרייע טרעגער פון דער אידישער נאַציאָנאַלער אידעע אַרויס־געשטעלט.

די ערשטע קראים האָבען זיך אויך גערופען „אבלי ציון וירושלים" — די אבלים פון ציון און ירושלים. ענן, דער גרינדער פון קאַראַאימישען גלויבען, און די תלמידים און חברים זיינע האָבען אין שטענדיגער אבילות געלעבט. זיי האָבען געטרויערט שטענדיג אויף דעם חורבן ירושלים. זיי האָבען זיך אויך אהין—קיין ירושלים—אַוועקגע־לאָזט צו לעבען דאָרטען. זיי האָבען פאַרגעוואָרפען די רבנישע אידען, אַז זיי לאָזען זיך צופיעל וואוילגעהן אין גלות, אַז זיי בענקען גאָר ניט נאָך משיחן, אַז זיי גאַרען גאָר ניט אויסגע־לעזט צו ווערען. זיי האָבען זיך דעריבער גערופען „אבלי ציון וירושלים", כדי אָפּצוטיילען זיך אַזוי אַרום פון די רבנישע אידען, די אַנהענגער פון תלמוד, וואָס טרויערען ניט אויף דעם חורבן, וואָס האָבען אין אומגליק, וואָס האָט דאָס אידישע פאָלק געטראָפען, פאַרגעסען.

גאַנץ אַנדערש אָבער איז די רעפאָרם־באַוועגונג געווען.

צוליעב די טיילוויז זיי געגעבענע רעכט און טיילוויז נאָר צוגעזאָגטע, האָבען די אידישע געלד־זעק אין דייטשלאַנד דעם קאָפּ פאַרלאָרען. אוים קנעכטישער דאַנקבאַרקייט פאַר דעם, וואָס מען האָט זיי מענשליכע רעכטע — מעהר צוגע־זאָגט צו שענקען, ווי ווירקליך — געשאָנקען, זענען זיי גרייט געוועזען, ווי דערשלאָגענע הינט אויף דער ערד פאַר די בעלי־טובות זייערע זיך אויסצוציהען, זענען זיי גרייט געוועזען זייער אנגעהעריגקייט צו דער אַלטער גרויסער אידישער ראַסע מיט די וואָרצלען אויסצורייסען. די געבאָרענע פּרינצען זענען אין איין מאָמענט אין געבאָרענע שקלאַפען פאַרוואַנדעלט געוואָ־רען. אין איין מאָמענט האָבען זיי ערוואָרבען די פּסיכאָלאָ־גיע פון שקלאַפען, וואָס פאַר זיך אליין זענען זיי ווערטלאָז אין זייערע אויגען, וואָס די ווערט זייערע זעהען זיי נאָר אין דעם, אויף וויפיעל זיי זענען אַ טייל פון זייערע אויבער־הארען, אויף וויפיעל זיי זענען „בחברותא“ מיט זיי.

די שפלות, די ערנידערונגען, וואָס די אידען אין דייטש־לאַנד זענען אויסגעשטאַנען אין אַ משך פון פיעלע יאָהר־הונדערטע, די דאָזיגע ערנידערונגען, וואָס האָבען קיין שליטה ניט געהאַט אויף דעם אידישען פאָלק, עס זאָל דורך זיי אויך אינערליך פארשקלאַפט ווערען, צוליעב דעם בטול, וואָס מיר האָבען שטענדיג צו דער דרויסענדיגער וועלט פאַרמאָגט, צוליעב דעם, וואָס טראָץ דער אויסערליכער הכנעה, וואָס מיר האָבען שטענדיג צו דער אַרומיגער וועלט אַרויסגעוויזען, האָט טיעף אין אונז שטענדיג אַ שטאָלצע גאוה אין באַצוג צו דער דאָזיגער וועלט געלעבט, האָבען מיר זיך שטענדיג אַלס דאָס „אתה בחרתנו“ פאָלק באַטראַכט — די דאָזיגע אונ־טערדריקטע, איבערוועלטיגטע ערנידערונגען, האָבען מיט אונגעהויער קראַפט זייער ווירקונג פאַרפיעלפאַכט, ווען אָט יענער בטול איז פון איינינע רעגיאָנען פון דער אידישער

וועלט פארשוואונדען, ווען אט יענער שטאלצער אתה־בחרתנו באוואוסטזיין איז צו אן אטראפירטען צושטאנד אין יענע רעגיאנען געבראכט געווארען. זיי האבען איצט דעם חוב זייערען, וואס איז קיינמאל ניט פון אידישען פאלק געצאהלט געווארען, מיט גרויסע פראצענטען פון יחידים אויפגעמאנט, און האבען אויף גאטס וועלט א גרויסע מחנה פון געמיינע און נידערטרעכטיגע אידישע נשמות ארויסגע־ווארפען. צוליעב די פרעהליכע אויסזיכטען, וואס די אידישע געלט־זעק האבען פאר זיך דערזעהן, מיט נאך מעהר גאלד זיך אנצולאדען, האבען זיי אנגעהויבען דאן פון דער הויט צו קריכען, זיי זאלען, וואס ווייניגער אלס אידען אויסזעהן. זייער אמביציע איז געווען, מען זאל זיי וואס מעהר אלס אמתע דייטשען קענען רעכענען.

און אט די אינערליכע פארשקלאפונג, די הינטישע קריי־כעריי און ווערימדריגע הכנעה האט געבראכט דערצו, אז עס זאלען צווישען יענע עלעמענטען די אלע מאראלע צוימען לויז ווערען. אויב די זיהן פון די אידישע געלד־זעק פון יענער תקופה אין דייטשלאנד האבען ניט זוכה געווען, אז די דייטשע טעכטער זאלען זיך יאגען צו זינדיגען מיט זיי, האט דאס דערפאר די טעכטער זייערע מעהר אפגעגליקט. זיי האבען יא די גרויסע זכיה געהאט, אז די דייטשע גאל־דענע יוגענד, אדער די דייטשע גאלדענע עלטער, זאלען זיי די געהעריגע אויפמערקזאמקייט שענקען. ביי פיעלע פון די טעכטער פון די גרויסע אידישע געלט־זעק אין דייטשלאנד, די טעכטער און אייניקלאך פון די אידישע צנועות, וואס האבען סעקסועל אזוי הייליג געלעבט, איז דעמאלט א גרויסע עהרע געווען א מעטרעסע פון א פראמינענטען דייטש צו זיין, הינטער די פלייצעס, און אין מאנכע פעלע אויך פאר

די אויגען פון זייערע מענער און זייערע עלטערען מיט די הויכגעשטעלטע דייטשען צו זינדיגען.

און פונקט ווי אין די צייטען פון „בעל פעור“, ווען די פון מצרים אויסוואנדערענדע אידען האבען זיך אין דער מדבר געפונען, זענען די אידען איבער דעם וועג פון זייער זנות־טרייבען מיט די בנות־מואב צום דיענען פון דער „עבודה זרה“ געגאנגען, אזוי זענען אויך אט יענע עלעמענטען — פון זנות צו שמד געפיהרט געווארען.

עס האט זיך דאן צווישען אט יענע אידישע געלט־זעק אין דייטשלאנד אן עקעלהאפטע שמד־באוועגונג אנגעהויבען, וועלכע האט שיער ניט א מאסענכאראקטער געקראגען. דורך טיר און פענסטער האבען זיי אנגעהויבען אין די קלויסטערס צו לויפען. שמד־וואסער איז דאן א זעהר טייער ארטיקעל אין דייטשלאנד געווארען.

און אויך פון דער רעפארם־באוועגונג האט זיך מיט שמד געהערט. זי איז די פארטזעצונג און די וויטערדיגע ענט־וויקלונג פון דער שמד־באוועגונג געווען. לויט איהרע מא־טיווען און ציעלען האט זי זיך ניט אונטערגעשיידט, כמעט, פון דער פריהערדיגער שמד־באוועגונג.

די טרעגער פון דער דאזיגער רעפארם־באוועגונג זענען ארם־נאקעט פון יעדען רעליגיעזען געפיהל געווען. פאר־ווארפענדיג דעם תלמוד, זענען די קאראאימען, ווי איך האב שוין אנגעוויזען, דאך נאך אלץ אויף א פעסטען רעליגיעזען באדען שטעהן געבליבען. זיי האבען, אמת, די תורה שבעל פה פארווארפען. מיט דעם גרעסטען רעליגיעזען ציטער זע־נען זיי אבער פאר תורת משה געשטאנען. די רעפארם־אנ־הענגער אבער האבען זיך מיט זייער האק פארמאסטען ניט נאר אויף די פארצווייגונגען פון דער אידישער רעליגיאן, נאר אויך אויף דעם שטאם איהרען. זיי זענען ניט נאר מיט דער

תורה שבעל פה, נאָר אויך מיט דער תורה שבכתב, ווי מיט ווערטלאָזע בערזע־פּאַפּירען אַרומגעגאַנגען. דער גאָט, וואָס האָט זיי זייערע רעליגיעזע אָפּעראַציאָנען דיקטירט, איז געווען די טריפהנע באַקוועמליכקייט, וואָס זיי האָבען אין לעבען געזוכט. עס האָט ניט אויף זיי די שכינה פון אַ דורכגעלעבטען רעליגיעזען אמת גערוהט. עס האָט ניט דאָס אַלעס, וואָס זיי האָבען געטאָן פון אַן איבער זיי שטעהענדען העכערען כח, וואָס זיי האָבען אָנערקענט, אַרויסגעקוועלט. עס איז נאָר זייער אייגענער ווילען אין צענטער פון דעם אַלעם, וואָס זיי האָבען געטאָן, געשטאַנען. זיי האָבען זיך פריי געפיהלט פון יעדען בינדענדען אויסערליכען אויטאָריטעט, פון יעדען קאָנטראָלירענדען אויסערליכען כח. זיי האָבען אויך דעם רבונו של עולם אַליין ניט בעסער, ווי די אָפיציעלע פאַרשטעהער זיינע באַהאַנדעלט. די בערזע־אידען זענען זיך אויך מיט גאָט אַליין, ווי מיט אַ געפּאַלענעם בערזען־ספּעקולאַנט באַגאַנגען.

און פונקט ווי זיי זענען אַנטי־רעליגיעז געווען, אַזוי זענען זיי אויך אַנטי־נאַציאָנאַל געווען, אויף אַזוי פיעל, אַז דאָס דאָזיגע אַנטי־נאַציאָנאַל זיין זייערס האָט אויף זיך אויך דעם כאַראַקטער פון נאַציאָנאַלען פאַרראַט געטראָגען. זיי האָבען געוואָלט ,אַז מען זאָל זיי אין היסטאָרישען זין ניט אַלס אידען באַטראַכטען. זיי האָבען זיך דעריבער אָפּגעטריי־סעלט פון אַלע אידישע היסטאָריש־טראַדיציאָנעלע אידעאַלען און האָפנונגען. זיי האָבען פון זייערע סדורים אַרויסגעוואָרפען אַלע תפלות, אין וועלכע עס ווערען די ווערטער ציון און ירושלים דערמאָנט. עס איז זייער שטרעבונג געווען, מען זאָל זיי ניט מיט די איבעריגע אידען אויסמישען, מען זאָל זיי ניט אַלס טייל פון אַלוועלטליכען קאָלעקטיווען אידענטום

באטראכטעט, נאר אלס א טייל פון **דייטשען פאלק־טיוו.**

---

די מאטיוון און ציעלען פון דער דאזיגער רעפארם־באוועגונג זיינען, ווירקליך, געמיינע און נידערטרעכטיגע געוועזן. זי איז פאר פיעלע פון דער דייטש־אידישער גרויס־בורזשואזיע אן „ערזאץ" פאר שמד געוועזן. עס האט ביי איינינע פון זיי קיין מוט ניט געכאפט גאר איננאנצען די אידישע שול אויף א קלויסטער צו פארבייטען, האבען זיי געוואלט, אז די שול זייערע זאל כאטש וואס מעהר אויף א קלויסטער עהנליך זיין. עס האט ביי איינינע פון זיי קיין מוט ניט געכאפט גאר איננאנצען זיך אפצושמדען, האבען זיי געוואלט כאטש זייער אסימילאציע ביז צום לעצטען טויער פון די "מ"ט שערי טומאה" צופיהרען.

ניט נאר איז די רעפארם־באוועגונג פון די מינדעסטע שפורען פון עקזאלטירטען אידעאליזם פריי געוועזן, נאר זי איז אויך ביז צום העכסטען גראד פון עקעלהאפטען מאטע־ריאליזם דורכגעדרונגען געוועזן. ניט נאר האבען די פיהרער ניט באדארפט קיינע קרבנות ברענגען פאר דער דורכפיהרונג פון איהרע שטרעבונגען אין לעבען, נאר פארקעהרט נאך. אט די דורכפיהרונג האט זיי באדארפט צו פיעלע מאטעריאלע געווינסען פיהרען. זי האט באדארפט זיין פאר זיי דער משיח־בריק, דורך וועלכען זיי זאלען קענען צום אסימילירען זיך מיט דעם דייטשען פאלק קומען. דער צויבער־שליסעל, וואס זאל פאר זיי די טירען פון דער דייטשער געזעלשאפט עפענען.

און ניט בעסער פון די מאסען זענען אויך די פיהרער, די אינספיראטארען, די אידעאלאגען פון דער דאזיגער רע־

פארם־באוועגונג געווען. די אידישע געשיכטע האט אין יענעם דור מאדנע אידישע רבנים, מאדנע פארשטעהער פון דער אידישער רעליגיאן געזעהן. עס איז דער „פני הדור" ניט בעסער ווי דער דור אליין געווען. ניט ווייניג פארקויפטע נשמות האבען זיך צווישען די ערשטע רעפארם־רבנים גע־פונען, וואס זענען אין הכנעהשער דינסט ביי די אידישע געלט־זעק געשטאנען. מיט קנעכטישער גרייטקייט האבען זיי אנטגעגענגעטראגען זיי דעם נויטיגען הכשר אויף די אלע מעשים תעתועים, וואס עס האט זיך זיי פארוואלט.

און פון דאן איז דאס שוין אזא טראדיציע געווארען אין רעפארם־אידענטום, די רבנים זאלען דארטען אן עבד כנעני ביי די „צאן מרעיתם", ביי די פון זיי געפיטערטע שאף, זיין, זיי זאלען זייערע עדות פיהרען ניט, ווי זיי — די רבנים — פארשטעהען, אז זיי דארפען געפיהרט ווערען, נאר, ווי זיי — די עדות — ווילען געפיהרט ווערען.

עס זענען אבער דאך פיעלע גליקליכע אויסנאמען צווי־שען די רעפארם־רבנים געווען.

דא און דארטען האבען זיך אין רעפארם־אידענטום אויך פיהרער פון א העכערער נשמה־מדרגה באוויזען, פון א הע־כערער מאראלער קוואליטעט פערזענליכקייט, וואס האבען גע־זוכט צו שאפען א העכערע אידעאלאגיע פאר דעם רעפארם־אידענטום, וואס האבען געזוכט אפצופרעמדען עס פון זיינע אורשפרינגליכע מאטיווען און ציעלען און געפרואווט א מעהר פיינערען און עטישען אינהאלט אין דעם אריינצולעגען.

און צו אט דער קאטעגאריע באלאנגט אויף דער בארימ־טער זקן, פראפעסאר קויפמאן קאהלער, וואס האט פאריגען חודש זיין אכציג יעהריגען געבורטס־טאג געפייערט.

2

דר. קויפמאַן קאַהלער באַלאַנגט צו די ווייניגע פון די רעפאָרם־רבנים, וואָס האָבען זיך ניט געשטעלט אין דינסט ביי די אידישע געלט־זעק, זיי זאָלען צושניידען פאַר זיי אַזאַ אידישקייט, וואָס זיי האָבען באַדאַרפט האָבען, געבען זיי אַזאַ אידיש גלויבען, וואָס זיי האָבען געוואָלט, עס זאָל זיי געגעבען ווערען. ער האָט אַ רעליגיעזען אמת פאַרמאָגט, ווען ער איז אין רעפאָרם־לאַגער אַריינגעטראָטען. אייגענע רעליגיעזע אַנשויאונגען און באַציהונגען דורכגעלעבטע האָבען איהם געטריבען, ער זאָל זיך אין דער רעפאָרם באַוועגונג אַנ־שליסען. און אומבאַוואוסט האָבען איהם צו דער רעפאָרם־באַוועגונג געטריבען די אייגענע מאָטיווען, וואָס האָבען פיעלע אַנדערע פון די מעהר פיינערע גייסטער, וואָס האָבען זיך צווישען די רעפאָרם־רבנים געפונען, געטריבען צו איהר. אויסערליך האָט עס געמעגט הייסען, אַז די דאָזיגע פיינערע גייסטער האָבען זיך אַן דער שפּיצע פון דער רעפאָרם־באַוועגונג געשטעלט, איהרע אידעאָלאָגען צו זיין, ווייל זייער אינערליכע איבערצייגונג האָט זיי געטריבען דערצו, ווייל זיי האָבען געגלויבט, אַז די אידישע רעליגיאָן דאַרף ווירקליך רעפאָרמירט ווערען, נאָר דערפאַר אַליין, ווייל זיי האָבען די באַשטרעבענדע פון זיי רעפאָרמען אין אידענטום אַלס אַ ציעל אין זיך אַליין שווין באַטראַכט. אין טיעפען תוך אָבער האָבען זיי עס געטאָן פיעל מעהר צוליעב דעם, ווייל זיי האָבען עס אַלס אַ נויטווענדיגקייט באַטראַכט. פיעל מעהר, ווי די באַשטרעבענדע פון זיי רעפאָרמען אין אידענטום זענען פון זיי אַלס אַ ציעל פאַר זיך געווען, זענען זיי געווען פאַר זיי נאָר אַ מיטעל, דורך וועלכען עס זאָל אַ פיעל־העכערער ציעל דערגרייכט ווערען. דער דאָזיגער העכערער ציעל איז געווען דער באַגעהר זייערער, די אידישע יוגענט צום אידענטום גע־

בונדען האַלטען. מיט אַ וועהטאָג אין הארצען האָבען זיי די שמד־באַוועגונג אין דייטשען אידענטום נאָכגעפאָלגט. מיט שרעק זענען זיי פאַר דעם האסטיגען אסימילאַציאָנס־פּראָצעס זיינעם געשטאַנען. זיי האָבען דעריבער געוואָלט דורך די באַשטרעבענדע רעפאָרמען זייערע אין אידענטום די דאָזיגע שמד־באַוועגונג אָפּשטעלען, דעם דאָזיגען האסטיגען אַסימי־לאַציאָנס־פּראָצעס פּאַראַליזירען. זיי האָבען געגלויבט, אַז דורכדעם, וואָס זיי וועלען דעם אידענטום אַ מעהר מאָדערנעם, מעהר אייראָפּעאישען אויסזעהן געבען, וועט עס פאַר דער אידישער יוגענט אין דייטשלאַנד מעהר אָנציהענד ווערען, וועט זיך דורך דעם די מחנה פון די אַנטרונענע פאַרקלענע־רען. זיי האָבען געגלויבט, אַז דורך דעם, וואָס זיי וועלען די אידישע שול עהנליך צו אַ קלויסטער מאַכען, וועלען די דייטש־אידישע יונגעלייט ניט פאַרבייטען זי מעהר אויף דעם לעצטען. זיי האָבען געוואָלט די רעפאָרם־באַוועגונג אין אַ ברודער־מערדער פאַרוואַנדלען. זיי האָבען געגלויבט, אַז עס וועט זיך זיי איינגעבען צו פאַרוואַנדלען די דאָזיגע באַוועגונג, וואָס איז אַ לייבליכע שוועסטער־ערשיינונג, אַ נאַטיר־ליכער פּראָדוקט פון דער שמד־באַוועגונג, פון דעם האסטיגען אסימילאַציאָנס־פּראָצעס פון דייטשען אידענטום, אין אַ וואָ־פען, וואָס זאָל זיינע פאַרניכטענדע פיילען אין זיי ציעלען. זיי האָבען דעם פּראָדוקט אין אַ פאַרניכטענדען כח פון דעם אורשפּרונג זיינעם פאַרוואַנדלען געוואָלט

און אין דעם איז די פּסיכאָלאָגישע ערקלעהרונג דערפון, וואָס די דאָזיגע אידעאָלאָגען פון רעפאָרם־אידענטום פלעגען שטענדיג מיט אַזוי פיעל פּאַטאָס רעדען וועגען דעם אַב־סטראַקטען אידענטום, וואָס זיי האָבען שטענדיג אַזוי פיעל פייערליכע באַגייסטערונג פאַרמאָגט, ווען זיי פלעגען וועגען די אידישע אידעאַלען, וועגען דער אידישער עטיק רעדען.

ווען זיי רעדען וועגען דעם „מאור שביהדות“, — וועגען דעם גרויסען ליכט, וואס שטראהלט פון אידענטום ארויס, — וועגען דער תורה אונזערע אלס „ת ו ר ת ח י י ם“, וועגען די וואונדערבארע פרינציפען פון די עטישע דאקטרינען פון אידענטום, שטייגען זיי איבער אין דעם אלעם — אין דעם פאטאס, אין דער פייערליכער באגייסטערונג, וועגען וועלכער איך האב אויבען גערעדט — ניט נאר די אידעאלאגען פון אידישען נאציאנאליזם, נאר אויך די רעליגיעזע דענקער אונזערע. עס פיהלט זיך אפשר ניט אין זייערע רייד אט יענע הייליגע תמימות, יענע מערקווירדיגע נאטירליכקייט, יענער אינסטינקטיווער, כמעט, גלויבען, מיט וועלכען עס צייכענען זיך די רעד פון די לעצטע אויס. דערפאר איז אין זיי אבער אויך פיעל מעהר עקספרעסיאן, פיעל מעהר קרעפטיגער שוואונג, פיעל מעהר אויספיהרליכע בילדליכקייט פאראן. אין קיין אנדער אידישען דענקער-קרייז איז די אידעע וועגען דער מיסיאן פון אידישען פאלק אין אזא שארף אויסגעשפראכענער פארם ניט פארמולירט געווארען, ווי זי איז אין קרייז פון אט יענע אידעאלאגען פון רעפארם אידענטום פארמולירט געווארען. דאס גאנצע אידענטום אין די אלע פאזען פון זיין ענטוויקלונג איז דורך און דורך פון דער דאזיגער אידעע דורכגעדרונגען. זי איז דער זין פון דער אידישער געשיכטע געווארען, די אידעאלאגישע בארעכטיגונג, די מאראלע פארגיטיגונג פאר די אלע אומענדליכע יסורים, וואס אונזער אומגליקליך פאלק האט געהאט אויסצושטעהן איבער דעם לאנגען וועג פון זיין מארטירערטום. ז י י האבען אבער איהר נאר מעהר שטאלצען אויסדרוק געגעבען. זיי האבען איהר אויף הימעל-ווייטע הויכקייטען אוועקגעשטעלט. זיי האבען דעם אידישען „אתה בחרתנו“-געדאנק פאר דעם צענטראלען פונקט פון דעם אי-

דענטום געמאַכט. דאָס אידישע פאָלק האָבען זיי אין צענ־
טער פון דער גאַנצער מענשליכער געשיכטע געשטעלט. זיי
האָבען דאָס אידישע פאָלק אַלס לעהרער פון דער מענשהייט
געקרוינט, אַלס די ברכה פון דער וועלט ערקלעהרט, אַלס
דעם „נר לגויים", וואָס ווען ניט זיין ליכט, וואָס האָט אויף
זיי געשיינט, וואָלטען זיי אין אייביגער פינסטערניש זינקען
געבליבען. דאָס איז ווירקליך איינע פון די וואונדערבאַרסטע
ערשיינונגען. מענשען, וואָס פאַרוואַרפען יעדען שפור פון
אידישען נאַציאָנאַליזם, וואָס פּרעדיגען — אַלענפאַלס, אױ־
סערליכע — וואָס אפילו זי איז אין אמתען אויך אינערליכע —
אַסימילאַציע, זענען די שעפער פון אַן אידעע, אין וועלכער
עס שפּיגעלט זיך אַזוי פיעל איבערטריבענע — אפשר — נאַ־
ציאָנאַלע גאוה אַפּ. ווי זאָנדערבאַר די דאָזיגע ערשיינונג
זאָל אָבער אויבענאויף ניט אויסזעהן, ווי ווידערשפּרעכענד
די עלעמענטען, פון וועלכע זי באַשטעהט זאָלען אין אונזערע
אויגען ניט אויסזעהן, זענען זיי אָבער אין אמתען דאָך האַר־
מאָניש צוזאַמענגעגאָסען, איז דאָ אַ נאַטירליכער צוזאַמענ־
האַנג צווישען זיי. דוקא אָט יענער נעגאַטיווער טייל פון
דער דאָזיגער ערשיינונג איז עס די אורזאַכע געוועזען פון
דעם צווייטען פּאָזיטיווען טייל איהרען. די פּסיכאָלאָגישע
ערקלעהרונג דערפון ליגט, ווי איך האָב עס פריהער געזאָגט,
אין דער כאַראַקטעריסטיק, וואָס איך האָב געגעבען וועגען די
אומבאַוואוסטע מאָטיווען, וואָס האָבען אָט יענע עלעמענטען
אין רעפאָרם־לאַגער געטריבען, זיי זאָלען די אידעאָלאָגען פון
רעפאָרם אידענטום ווערען.

אָט די עקזאַלטירטע פאַרהערליכונג פון דעם אַבסטראַק־
טען אידענטום, אָט דער פּראָפעטישער פּאַטאָס, מיט וועלכען
זיי רעדען וועגען די אייביגע ווערטען, וואָס דאָס אידענטום
האָט געשאַפען — אין דעם אַלעם איז אויך פאַראַן אַ טייל

גאָר אַ גרויסער פון אַ פאַרבאַרגענער אָנשטרענגונג צו פאַר־
שרייען אין זיך דעם אינערליכען פּראָטעסט, וואָס שרייט צו
זיי פון די טיפענישען פון זייער הארצען ארויס פאַר דעם
„התחבר לרשע” זייערען, דערפאַר, וואָס זיי האָבען אַ „יד
לפושעים” געגעבען, דערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך אין דינסט
געשטעלט פון אַ באַוועגונג, וואָס איז לויט דעם מקור איהרען
אַנטי־נאַציאָנאַל און אַנטי־אידיש. עס איז ביי זיי דאָס
אַלעם אַ מין „קרבן חטאת” געווען, אַ מין אונטערבאַוואוסט־
זיניגע פאַרגיטיגונג פאַר אַ באַגאַנגענעם נאַציאָנאַלען חטא.

---

און פון דעם זעלבען כּראַקטער איז אויך געווען די רע־
פאָרם־אידעאַלאָגיע, מיט וועלכער דר. קאָהלער איז ארויס־
געטראָטען דאָס רעפאָרם־אידענטום צו באַגרינדען. אויך אויף
איהר רוהט דער גייסט פון אומענדליכער פאַרהערליכונג פון
דער אידישער קולטור. אויך ער ווערט צו הויכען פּאַטאָס
דערהויבען, ווען ער רעדט וועגען די אייביגע ווערטען, וואָס
דאָס אידענטום האָט געשאַפען. אויך אויף זיינע אָפּשאַצונ־
גען וועגען די עטישע דאָקטרינען פון אידענטום האָט דער
שטעמפּעל פון באַגייסטערטער אידעאַליזאציע טיעפע שפּורען
געלאָזט. זייענדיג אַ קינד פון זיין צייט, דורכמאַכענדיג זיין
זעלבסטערציהונג אין אַן עפּאָכע, ווען די רעפאָרם־אידעע האָט
אונטער דער ווירקונגס־ספערע פון איהר היפּנאָז דעם גרעסטען
טייל פון דער אידישער יוגענד אין דייטשלאַנד געשטעלט,
האָט ער זיך גאָר פריה פון איינפלוס פון זיין גרויסען לעה־
רער, דעם וואונדערליכען רעליגיעזען ראָמאַנטיקער, וואָס דאָס
אידענטום האָט פון זיך אין נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט ארויס־
געגעבען, רבי שמשון רפאל הירש, וועלכער האָט מיט אַזוי
פיעל הארציגקייט, מיט אַזוי פיעל הייליגען פייער פאַר דעם

אָרטאָדאָקסישען אידענטום געקעמפט, וועלכער האָט אויף אַזאַ שאַרפען קאָנסעקוועגטען אופן זיינע פיילען אין דער רעפאָרם־אידעע געציעלט — באַפרייט. אויף אַזוי פיעל איז ער דאָך אַ פּראָדוקט פון זיין צייט געווען, אַז די רעליגיעזע אַנשויאונגען פון דעם ערשטען זאָלען ניט אַפּעלירען מעהר צו איהם, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען זיין רעליגיעזע רייפקייט, זיין רעליגיעזע זעלבסטשטענדיגקייט צו פאָרמירען. עס האָט דאַן מעהר אַפּעלירט צו איהם דער רעוואָלוציאָנערער, פאָרשענדער גייסט פון זיין צווייטען לעהרער, וועלכער איז נאָך גרעסער פון דעם ערשטען לעהרער זיינעם געווען, וועלכער איז געווען אפשר דער גרעסטער אַרכיטעקט, וואָס די אידישע וויסענשאַפט, וואָס האָט אין יענער צייט אָנגעהויבען צו בליהען, האָט ווען געהאט; פון צווייטען גרויסען לעהרער זיינעם, רבי אַברהם גייגער, וועלכער איז ניט נאָר איינער פון די איבערגעבענסטע קעמפער פון דער רעפאָרם־באַוועגונג געווען, נאָר אויך די גרעסטע פערזענליכקייט, וואָס די רעפאָרם־באַוועגונג האָט ווען פאַרמאָגט. די ווירקונג, וואָס האָט געהאַט אויף איהם דער דאָזיגער צווייטער לעהרער זיינער האָט גובר געווען דעם עלעמענט, וואָס דער איינפלוס פון זיין ערשטען לעהרער האָט אין זיין רעליגיעזען באַוואוסטזיין אַריינגעטראָגען. וואָרים דער דאָזיגער גרויסער געלעהרטער האָט דורך דער פיעלזייטיגער ריזיגער ערודיציע זיינער, דורך דעם טיעפען גראָבען פון זיין געדאַנק, ווי אויך דורך דער געוואַלדיגער רעדנער קראַפט זיינער אַ מאַגנעטישע ווירקונג אויסגעאיבט אויף זיינע צוהערער.

עס איז באַוואוסט, וואָס פאַר אַ געוואַלדיגע השפעה עס האָבען זיינע דרשות געהאט אויף דעם גרויסען נביא פון דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק, פערדינאַנד לאַסאַל, ווען ער

האט זיך נאך אין זיינע אינגעלשע יאהרען געפונען. זיי זענען דער גורם געווען פון פיעלע וואונדערבארע בלעטלאך אין זיין טאגעבוך. גייגערס דרשות פלעגען אויף איהם א טיעפען איינדרוק מאכען. איך האב באשלאסען — שרייבט ער אין איין ארט אין זיין טאגעבוך — ניט דורכצולאזען אפילו קיין איין רעדע זיינע. און אין אן אנדער ארט פארצייכענט ער, כמעט, דעם גאנצען אינהאלט פון גייגערס פרעדיגען און פארענדיגט מיט די ווערטער: מיט איין ווארט, גייגער האט אויף מיר געמאכט א שטארקען איינדרוק. נאר א דאנק אט דער השפעה האט ער מאמענטען איבערגעלעבט אין זיינע אינגעלשע יאהרען, אין וועלכע עס האבען זיך אין זיין מארך משיח־געדאנקען וועגען דעם אידישען פאלק געוועבט, אין וועלכע ער האט געטרוימט א צווייטער משה פאר דעם אידישען פאלק צו זיין. און ווער ווייס, צי מיר דארפען ניט פיעל דאנקבאר זיין אט יענע השפעה אויך פאר אט יענעם נביאישען טאן, פאר אט יענעם דערלייזענדען פאטאס, מיט וועלכען ער האט שטענדיג געגען דער רשעות פון דער וועלט געקעמפט, מיט וועלכען ער האט שטענדיג וועגען יושר און גערעכטיגקייט גערעדט. פאר אט יענער וואונדערבארער פאטעטישער קראפט און פאעטישער שעהנקייט, מיט וועלכע עס צייכענט זיך אזוי מערקווירדיג דער לאסאליאנער סאציאליזם אויס.

און עס איז דעריבער אויך גאר קיין וואונדער ניט, וואס דער צויבער, דער מאגנעטיזם פון דעם גרויסען לעהרער זיינעם איז אזוי פריש, אזוי לעבעדיג איינגעהיט געבליבען אין זכרון פון תלמיד זיינעם, דר. קויפמאן קאהלער, וואס אויך אין דער טיעפער עלטער זיינער האט ער נאך מיט אזוי פיעל ליעבע, מיט אזוי פיעל באגייסטערונג, מיט אזוי פיעל פארגעטערונג וועגען דעם גרויסען לעהרער זיינעם גערעדט.

ער איז געווען — האט געשריבען וועגען איהם דר. קאהלער צוריק מיט איינינע יאהר — דער נביא, צו וועמען גאט האט אנטפלעקט די געהיימנים פון דער תקופה פאר דעם מאדערנעם ישראל. ער האט געגעבען דעם רעפארם־אידענטום זיין וויסענשאפטליכען באזיס, זיין היסטארישען פונדאמענט, און ער איז אזוי ארום דער בוימייסטער פון מאדערנעם אידענטום געווארען. ער איז דער געניוס פון דער נייער תקופה געווען. דער גייסטיגער ריעז, וואס האט דעם יודאאיזם און דעם אידען צו ווידערגעבורט געבראכט. און מיט דער זעלבער פארהערליכונג און פארגעטערונג רעדט ער וועגען גרויסען רבין זיינעם יעדען מאל, ווען עס קומט איהם אויס זיין נאמען צו דערמאנען.

---

די רעליגיעזע רייפקייט פון דר. קאהלער, די רעליגיעזע זעלבסטשטענדיגקייט זיינע האט זיך, אלזא, פארמירט אונטער דער ערציהערישער ווירקונג פון די רעליגיעזע אנשויאונגען פון רבי אברהם גייגער. עס איז דער ווילען פון דעם נעבענשטען מזל זיינעם געווען, אז באפרייענדיג זיך פון איינפלוס פון ערשטען לעהרער זיינעם, זאל ער אונטער גייערס איינפלוס אונטערפאלען, כדי, אז ווען די צייט וועט קומען, אז אויך ער זאל איינער פון די וואָרטפיהרער פון דער רעפארם־באוועגונג ווערען, זאל ער מיט זיך אזוי ארום אויך די בעסטע טראדיציעס פון די פיינערע גייסטער, וואס האבען זיך צווישען די רעפארם־קעמפער געפונען, קענען מיטברענגען.

און ער האט ווירקליך מיט זיך מיטגעבראכט די דאזיגע טראדיציעס, פאר וועלכע ער האט געקעמפט שטענדיג.

ער האט אן אונקאמפראמיסליכען קאמף אנגעפיהרט שטענדיג געגען יענע עקסטרעמע שטרעמונגען אין דער רע־

פארם־באוועגונג, וועלכע זענען פון דעגענערירטע אסימילא־ציאנס שטרעבונגען דיקטירט געווארען. ער האט ביטער בא־קעמפט די ריכטונג, וואס האט זיך שוין ניט באגנוגענט נאר דערמיט אליין, וואס די רעפארמער זאלען זיך פריי פון אי־דישען נאציאנאלען עלעמענט אין זייערע אקצעפטירטע רע־ליגיעזע פארמען פיהלען, אויף א ראדיקאלען אופן דעם גאנ־צען אידישען רעליגיעזען געבוי צר ענדערען, נאר זי האט זיי שוין אויך פון דער אידישער רעליגיאן גאר אינגאנצען גע־וואלט באפרייען, שטרעבענדיג צו פארבייטען זי אויף א רע־ליגיאנסלאזער רעליגיאן, אין וועלכער עס זאלען קענען אלע פעלקער פאראייניגט ווערען; די ריכטונג, וואס האט גע־טענהט, אז „רעליגיאן דארף זיין א הימעל־שליחות פון שלום, פראפאגאנדירען שלום און ליעבע צווישען מענשען, און ניט קיין טעאלאגיע, צו לערנען דעם מענשען, ווי אזוי און אין וואס ער זאל גלויבען — וואס שאפט קאמף און צוטיילונג". ער ערקלעהרט, אז אזא אנשויאונג איז פאלש, שעדליך אי מצד דעם עצם אינהאלט איהרען, מצד דער עצם באהויפטונג איהרער פאר זיך, אי מצד די קאנסעקווענצען, צו וועלכע זי פיהרט בנוגע דעם דערלאזבארען אונטערגאנג פון אידען אלס באזונדערע פאלקס־איינהייט. ווארים דער יודאאיזם איז ניט נאר עטיק אליין, נאר טאקע אויך טעאלאגיע, נאר אויך רעליגיעזער אמת. מיט דעם רבונו של עולם, פארזיכערט דר. קאהלער, קען מען אזוינע ספעקולאציעס ניט דורכפיהרען. „דער אמת אבער איז — שרייבט ער — אז דער גאט פון ישראל איז דער גאט פון אמת, וועלכען מען קען ניט אפ־קויפען מיט שוחד פון פילאנטראפישער ארבייט. דער שמע ישראל אויסרוף איז דער קאמף־געשריי פון די העלדען, וואס האבען געקעמפט, געבלוטיגט און געשטארבען פאר דעם אמת, ווי ער האט געלעבט אין זייער אינערליכער איבער־ציינונג".

און אויף וויפיעל אידישקט מיינט אויך רעליגיאָן, א באַשטימטער רעליגיעזער אמת, וואָס באַשטעהט אין גלויבען אין אחדות הבורא, אין א ריינער פאָרשטעלונג וועגען דער גאָטהייט, אין דעם געהיימניספולען כח, וואָס שאַפט די וואונדערליכע האַרמאָניע פון אוניווערזום, אין דעם גלויבען אין גאָט פון דער געשיכטע, אויף אַזוי פיעל האָרף אויך דאָס בלייבען אין עקזיסטענץ פון אידישען פאָלק אלס באַזונדער פאָלקס־איינהייט איינער פון די אומצערשטערבאַרע עיקרים אין די רעפאָרם שטרעבונגען זיין. מיר זענען די טרעגער פון אַן אומשטערבליכער אידעע, דערפאַר זענען מיר אויך אומשטערבלאַך. די אייביגקייט פון דער רעליגיעזער אידעע פון אידישען פאָלק, גיט אויך דעם פאָלק אליין אייביגקייט, כדי מיר זאָלען דער לעהרער און וועג־ווייזער פון דער מענשהייט זיין, מיר זאָלען די גאַנצע מענשהייט פיהרען צו אָט יענער הויכער מדרגה פון געלייטערטע רעליגיעזע באַגריפען, אויף וועלכער מיר אליין שטעהען. וואָרים די דאָזיגע רעליגיעזע אידעע איז ווידער ניט נאָר לויטער טעאָלאָגיע אליין, נאָר עס איז אין איהר אויך דער עלעמענט פון ראַסע פאָראָן. די צוויי פאַקטאָרען — שרייבט דר. קאָהלער — אין דער אידי־שער געשיכטע: דער גייסט פון סעפּעראַטיזם און דער גייסט פון אוניווערזאַליזם, אַרבייטען אין געגענזעצטע דירעקציאָ־נען. און דאָך, ווי געגענגעזעצט די דאָזיגע צוויי עלעמענטען קענען ניט אויסזעהן, שטאַמען זיי פון זעלבען קוואַל. וואָרים דאָס אידישע פאָלק, ניט האָבענדיג קיין גלייכען צו זיך צווי־שען יעדער אנדער ציוויליזאַציע פון דער אַנטיקער וועלט, איז אַריינגעטראָטען אין דער היסטאָריע מיט דער שטאָלצער באַהויפּטונג, מיט דעם שטאָלצען באַוואוסטזיין, אַז עס באַ־זיצט אַן אמת, וואָס וועט איהם באַשערט זיין צו ווערען דאָס אייגענטום פון דער גאַנצער מענשהייט, און זיין דריי־טויזענד־

יעהריגע געשיכטע באשטעטיגט עס. די גרויסע רעליגיעזע אידעע, וואס דאס אידישע פאלק האט געבארען, איז אונ־טיילבאר פון דעם טרעגער איהרען. איהר לעבען קען זיך נאר דורך זיין לעבען מאניפעסטירען. די שאפונג מוז מיט דעם שעפער איהרען פאראייניגט בלייבען.

און ניט נאר בנוגע צום אינהאלט פון זיין רעליגיעזער אידעע אליין איז דער יודאאיזם א חטיבה מיוחדת, אן איי־גענארטיגער ווירקענדער כח, נאר אויך בנוגע צום כאראק־טער פון דעם עטישען דאקטרין זיינעם, ווי אויך בנוגע צו די התגלות־פארמען פון די פרינציפען, וואס די אידישע עטיק פרעדיגט.

און דא קומען מיר צום פונקט, וואו דר. קאהלער קעמפט אויך געגען אט יענע פון די רעפארם־פארשטעהער, וואס שטע־לען די עטישע לעהרען פון קריסטענטום און אידענטום, די אינערליכע מאראלע ווערט פון זייערע ביידענס עטישע סיס־טעמען אויף איין הויך. ער ווייזט אן אויף דעם געוואלדיגען אונטערשיד, וואס טיילט זיי פאנאנדער, אז דאס אידענטום שטעהט הימעל־וויט העכער אין דער הינזיכט. ווארים דאן, ווען דער שורש־נשמה, פון וועלכען דאס קריסטענטום זויגט, איז פעסימיזם שווארצער, דאן ווען אין טיעפע טיעפענישען זיינע ליגען די פינסטערע כוונות, צוצושטערען דאס לעבען באהאלטען, איז דער שורש־נשמה, פון וועלכען די עטישע פרינציפען פון אידענטום זויגען, לעבענסלוסט און לעבענס־פרייד, געהט די אידישע עטיק, די אידישע מאראל אויף דעם פרייען, ברייטען וועג פון בויען דאס לעבען.

און דעריבער איז די אידישע עטיק א סאציאלע, א געזעל־שאפטליכע, וואס נעהמט דעם כלל, דעם רבים ארום, וואס זארגט אויסער דעם אויך ניט נאר פאר דעם עולם הבא פון מענשען, נאר אויך פאר דער עולם הזה זיינער, דאן, ווען

די עטיק פון קריסטענטום איז אַן אינדיווידואַליסטישע, וואָס זאָרגט ניט פאַר דעם כלל, נאָר פאַר דעם יחיד, וואָס אויך בנוגע דעם יחיד ווידער זאָרגט זי נאָר פאַר דער עולם הבא זיינער.

און דעריבער אויך איז די עטיק פון אידענטום אַ פּרוכט־באַרע. זי קריגט איהר אויסדרוק אין מעשים, אין טאַטען. זי שטעלט דאָס רעאַלע, ממשותדיגע לעבען אונטער איהר ממשלה, דאָ, ווען די מאָראַל פון קריסטענטום איז אַ פּרוכט־לאָזע. זי געפינט איהר אויסדרוק נאָר אין ווערטער שעהנע. זי איז זיך אָבער אין קאָנקרעטע מעשים ניט מתלבש. וואָס מעהר ווייטגעהענד עס זענען איהרע עטישע פּרינציפּען, אַלץ ווייניגער השפּעה האָבען זיי אויף דעם לעבען. דער פאַרגע־העדנער עיקר פון די אַלע עטישע פּרינציפּען, וואָס דאָס אי־דענטום פּרעדיגט, איז, אַז דער מענש זאָל ניט נאָר זיין אַ „נאה דורש", נאָר אויך אַ „נאה מקיים" — ניט נאָר דרשע־נען, נאָר אויך זעהן, אַז דער טאַט זאָל מיט דעם וואָרט שטי־מען. דאָס קריסטענטום אָבער איז נאָר מיט דעם „נאה דורש" יוצא. דאָס קריסטענטום אַקצעפּטירט דעם לעבענס־שקר. די גאַנצע אומעטישקייט פון דער קריסטליכער וועלט איז אַ דירעקטער פּועל־יוצא פון דעם גייסט, פון וועלכען דאָס קריסטענטום איז דורכגעדרונגען, פון דער געוואַלדיגער פאַלשקייט, וואָס הערשט אין דעם. זיין אַ קריסט אין רע־ליגיעזען זין באַשטעהט הויפּטזעכליך אין דעם, מען זאָל בלינד אין די אַלע רעליגיעזע דאָגמען, וואָס דאָס קריסטענטום פּרעדיגט, גלויבען. דאָ, ווען זיין אַ איד הייסט הויפּטזעכ־ליך, מען זאָל זיך לויט אַט יענע אַלע דאָס לעבען רעגולי־רענדע עטישע נאָרמען, וואָס שטאַמען פון אַט יענעם געליי־טערטען רעליגיעזען באַגריף וועגען דער גאָטהייט, זיך פיהרען.

און אזוי ארום איז די מיסיאן פון אידישען פאלק ניט נאר מיר זאלען די רעליגיעזע לעהרער פון דער מענשהייט זיין, נאר אויך זייערע עטישע לעהרער. מיר זאלען פאר די פעלקער מיט אונזערע עטישע לעבענספארמען אלס מוסטער דיענען. און אויף וויפיעל אויך אין אט דער פעהיגקייט אונזערער אזא. מיסיאן אויף זיך צו נעהמען איז דער עלעמענט פון ראסע פאראן, אויף וויפיעל די פעהיגקייט דעם עטישען אמת אין א לעבעדיגען אמת צו פארוואנדלען, איז די ספעציעלע איינגענשאפט פון אידישען פאלק, אויף אזוי פיעל ניט אונז אויך די מיסיאן אונזערע אויף דעם עטישען געביט, ניט נאר עקזיסטענץ-מעגליכקייטען, נאר אויך עקזיסטענץ-בארעכטיגונג. „כל זמן עס זענען נאך ניט אויף דער ערד די נבואישע אידעאלען און די נבואישע וויזיאנען פארווירקליכט געווארען", האט דאס אידישע פאלק זיין מיסיאן נאך ניט פארענדיגט. כל זמן עס זענען נאך ניט די ציון-הויכקייטען פון דער מענשליכער פערפעקציע פון דער מענשהייט ערווארבען געווארען, מוז די עקזיסטענץ פון אט יענע שטרעבונגען פון דער אידישער מיסיאן, די ממשלה פון די אבסטראקטע עטישע פרינציפען אויף דעם רעאלען לעבען צו פארשפרייטען, צוזאמען מיט דער עקזיסטענץ פון אידישען פאלק געהן.

און דעריבער פלעגט דר. קאהלער אונטערשרייכען אין זיינע רעדען פאר זיינע "צוהערער, אז רעפארם-אידענטום מיינט ניט נאר אויסערליכער גלאנץ, נאר שעהנע פארם, אז דער אינהאלט פון רעפארם-אידענטום שעפט זיך ניט אויס מיט דעם שעהנעם טעמפעל, מיט א רעפארמירטען סדור, אז אויך דאס רעפארמירטע אידענטום לעגט גרויסע פליכטען ארויף אויף די טרעגער זיינע, זיי זאלען זיך אין זייער פערזענליכען לעבען לויט די עטישע פארערונגען פון אידענטום

פיהרען. „וואָס איז — פרעגט ער אין איינער פון זיינע רע־דען — די גאַנצע אַרכיטעקטוריעלע שעהנקייט, די גאַנצע וויכ־טיגקייט פון פאָרם, אויב זי פאַרקערפּערט ניט קיין לעבעדיגען אמת?" אַ גרויסע אידעע מוז די אָפּשפּיגלונג פון אַ גרויסען לעבעדיגען אמת זיין.

---

און ניט נאָר די עקסטרעמע שטרעמונגען פון רעפאָרם־אידענטום האָט ער אונקאָמפּראָמיסליך באַקעמפט שטענדיג, נאָר ער האָט בכלל געקעמפט געגען יעדער שטרעמונג, וואָס האָט אַן עלעמענט פון רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער אין רע־פאָרם־אידענטום געוואָלט אריינטראָגען. ער האָט זיין הסכמה געגעבען צו די זונטאג גאָטעסדינסטען נאָר מיט דעם תנאי, אַז עס זאָלען ניט צוליעב זיי די שבת־גאָטעסדינסטען אָפּגעשאַפט ווערען, אַז זיי זאָלען נאָר אַלס צוגאָב צו די ערשטע פיגורירען. עס איז געווען איינע פון זיינע שטענדיגע אונטערשטרייכונגען, אַז די רעפאָרם איז ניט, און טאָר ניט זיין, קיין רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. ער איז אפילו פון דער באַצייכענונג רעפאָרם אידענטום ניט צופרידען געווען. ער האָט געוואָלט, אַז אָט די באַצייכנונג זאָל אויף דער באַ־צייכנונג פון „פּראָגרעסיוו אידענטום", „עוואָלוציאָנער אי־דענטום" פאַרביטען ווערען.

וואָרים, האָט זיין טעאָריע געלויטעט, טאַקע נאָר אין דעם באַשטעהט דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון רעפאָרם־אידענטום, וואָס עס איז אין אַנקלאַנג מיט די פאָדערונגען פון דעם גאַנצען ענטוויקלונגס־פּראָצעס, וואָס די רעליגיעזע באַגריפען, דער סאָציאַלער און געשיכטליכער לעבענס־סטאַ־טוס פון אידישען פאָלק האָט דורכגעמאַכט אין משך פון די פיעלע יאָהרען פון זיין געשיכטע.

„די מענשען וואונדערען זיך — שרייבט דר. קאָהלער אין איין אָרט — וואָס דער איד האָט אַזוי פיעל יאָהרהונדערטע איבערגעלעבט. דער גרעסטער וואונדער אָבער איז דאָס, וואָס זיין רעליגיע איז קיינמאָל ניט אַלט געוואָרען, נאָר זי איז שטענדיג געבליבען אַלס פרישער קוואַל פון יוגענט פאַר האַרץ און גייסט. דאָס אידענטום אוואַנסירט שטענדיג מיט דער צייט. ביי יעדער נייער ערא ווערט עס מיט דעם מאָרגענטוי פון אַ יענער נייער ערא באַנייט. ניט נאָר דערויף, עס זאָל דאָס באַנייען זיך נאָר אין תפלות ותשבחות מאַניפעסטירען, נאָר אין דער פּראַקלאַמאַציאָן פון שלום און גערעכטיגקייט. וואָרים ניט עיקרים, דאָגמען, נאָר מעשים איז דער אָביעקט פון יהודה".

דער אינהאַלט פון אידענטום — ערקלעהרט דר. קאָהלער — באַשטעהט לויט דעם כאַראַקטער פון די פיעלע אוצרות, וואָס עס האָט זיך אין דעם אין אַ משך פון פיעלע דורות אָנגעקלי־בען, פון צוויי הויפּט־טיילען. איין טייל בילדען אין דעם אַט יענע אַלע רעליגיעזע נאָרמען, אַט יענע אַלע פאַרשידענע לעבענס־ספערען־רעגולירענדע נאָרמען, וואָס טראָגען אַן איי־ביגען ווערט אין זיך, וואָס זייער קדושה איז לדורות. דעם צווייטען טייל אין דעם בילדען אַט יענע אַלע רעליגיעזע באַגריפען, אַט יענע אַלע רעליגיעזע אָנשויאונגען, ווי אויך אַט יענע אַלע פאַרשידענע לעבענס־נאָרמען, וואָס טראָגען ניט אַט יענעם אייביגען ווערט אין זיך, וואָס זייער קדושה קען ניט פון דור צו דור אָנגעהאַלטען ווערען, ווייל זיי זענען אַ פּראָדוקט פון געוויסע אור־אַלטע עפּאָכען, וואָס מוזען אויף דעם באָדען פון די נייע עפּאָכען ווערקען, ווייל די פאַקטאָרען, די באַדינגונגען וואָס האָבען זיי צום לעבען אַרויסגערופען, זענען שוין פון לאַנג פאַרשוואונדען.

צו דעם ערשטען טייל באלאנגען די אלע ערהאבענע עטישע פרינציפען, וואס דאס אידענטום פרעדיגט, ווי אויך דער קארדינאלער פרינציפ פון אידישען רעליגיעזען סיסטעם, דער פרינציפ פון אחדות הבורא, דער ריינער, געלייטערטער באגריף וועגען דער גאטהייט. צום צווייטען באלאנגען אט יענע אלע זייטיגע פארצווייגונגען פון אידישען רעליגיעזען סיסטעם, אט יענע פארשידענע לעבענס־פיהרונגען, וואס זע־גען לויט אונזערע באגריפען איראציאנאל, וואס די פאדערונגען פון דער נייער צייט דיקטירען אונז, מיר זאלען זיי אלס שוין אפגעלעבטע באטראכטען.

און דעריבער דארף דאס אלעס, וואס געהט אין ערשטען טייל אריין בינדענד, הייליג זיין פאר אונז, דאן, וואס דאס אלעס, פון וועלכען דער צווייטער טייל באשטעהט, קען פון איהם פארוואָרפען ווערען. ווארים דאס אידענטום איז ניט קיין פארשטיינערט, פארגליווערט דאקטרין, נאר א דאקטרין, וואס איז דעם עוואלוציאנס־פראצעס אונטערגעוואָרפען.

צו באפרייען דאס רעליגיעזע סיסטעם אונזערס—שרייבט דר. קאהלער—פון אט יענע עלעמענטען, וואס האבען שוין פארלארען זייער וויכטיגקייט, וואס זיי סוגעסטירען שוין מעהר ניט קיין לעבענס־אמת, די פאדערונג פאר בעסערע, מעהר צוגעפאסטע לעבענס־פארמען, דארף געזאגט ווערען — דאס איז געווען שטענדיג און וועט אויך אויף ווייטער זיין דער קאמף־רוף פון דער רעפארם.

ווארים דאן, ווען דאס קריסטענטום איז נאר רעליגיאן, נאר גלויבען, איז דאס אידענטום, ווי שוין געזאגט, אויך ראסע. דאס קריסטענטום איז ניט קיין פראדוקט פון די פעלקער, וואס זענען אין דעם פאראייניגט. עס איז ניט פון זיי ווי אויך ניט צוזאמען מיט זיי אויסגעוואקסען. אין קריסטענטום זענען מענשען פון פארשידענע פעלקער, פון

פארשידענע ראסען פאראייניגט דורך דער אלגעמיינער אק־צעפטירונג זייערער פון געוויסע רעליגיעזע דאגמען, פון גע־וויסע רעליגיעזע אנשויאונגען. אין דעם מאמענט, דעריבער, ווען איינער פון זיי פארווארפט די דאזיגע דאגמען, אדער אפילו איינציגע פון זיי, ווערט ער אוים קריסט. ווארים אויסער אט יענע דאגמען איז קיין זאך ניטא, דורך וועלכער זיי זאלען אלס באזונדער געזעלשאפטליכע איינהייט קענען פאר־אייניגט בלייבען, איז קיין אנדער אינהאלט א זעלכער ניט פאראן, וואס זאל קענען יענעם, וואס האט די רעליגיעזע דאגמען פון קריסטליכען רעליגיעזען דאקטרין פארווארפען, די בארעכטיגונג געבען, אלס קריסט זיך צו רופען.

גאנץ אנדערש איז דאס אבער בנוגע צום אידענטום. דער אקט פון ווערען א איד איז א פאסיווער, ניט קיין אק־טיווער. ער קומט ניט דורך דער פארגעהענדער אקצעפטירונג פון א באשטימטען רעליגיעזען אני מאמין. מיר מאכען אט דעם אקט דורך איידער מיר דערוואקסען נאך צו דעם, מיר זאלען אזא אני מאמין ארויסרעדען קענען. מיר זענען אידען ראשית כל פון געבארען, דורך אונזער אויטאמאטישער אנ־געהערינקייט צו דער אידישער ראסע. ווען א איד זאל אפילו די אלע רעליגיעזע דאגמען פון אידישען גלויבען פארווארפען, בלייבט ער דעריבער נאך אלץ א איד אויטאמאטיש. ניט אבער נאר אין דעם זין אליין דארף מען דעם אונטערשיד פיהרען. ווען אפילו מיר זאלען אננעהמען — און אזוי איז דאס טאקע, ווען מיר האבען אין זינען דעם אונטערשיד, וואס עקזיסטירט צווישען די צוויי פארשידענע באגריפען, צווישען דעם באגריף אקטיווער איד און צווישען דעם באגריף פאסיווער איד — אז דערויף, מיר זאלען דאס רעכט האבען מיט דעם נאמען איד זיך צו רופען, מוזען מיר אויך די אנערקענונג פון געוויסע רעליגיעזע פרינציפען אי־דישע אננעהמען — קען דאס נאך אלץ קיין אורזאכע ניט

זיין, מיר זאָלען דאַרפען געפיהרט ווערען דורך דעם צו דער אַנשויאונג, אַז מיר זענען אויך פאַרפּליכטעט דעם גאַנצען אינהאַלט פון דעם רעליגיעזען סיסטעם פון די אַלטע אידישע דורות צו אַקצעפּטירען. דער כח פון די שפּעטערדיגע דורות איז ניט קלענער דערויף, ער זאָל קענען אין די ענינים פון דער אידישער אמונה אַ פּוסק זיין ווי דער כח פון די ערשטע דורות. ניט ווייניגער ווי דאָס אידענטום, וואָס איז פון אידישען פאָלק אויסגעוואַקסען איז צום דאַזיגען נאָמען באַרעכטיגט, און אויך דאָס אידענטום, וואָס איז צוזאַמען מיט איהם געוואַקסען, צום דאַזיגען נאָמען באַרעכטיגט. ווייל דאָס אידענטום איז אַ פּראָדוקט פון אידישען פאָלק, ניט אַ זאַך, וואָס איז אויף איהם פון דרויסען אַרויפגעצוואונגען געוואָרען, מוזען דעריבער ניט אָט יענע אַלע לעבענס־פיהרונגען, וואָס מיר האָבען אַרויסגעבראַכט אין אונזער אַלטער געשיכטע, צוליעב דעם נידעריגען אינטעלעקטועלען מצב, אין וועלכען מיר האָבען זיך געפונען דאַן, צוליעב דער נידעריגער מדרגה פון ענטוויקלונג, אויף וועלכער מיר, צוזאַמען מיט דער גאַנצער מענשהייט, זענען געשטאַנען דאַן, אויך צווינגענד זיין פאַר די שפּעטערדיגע אידישע דורות, וועלכע זענען שוין אָט יענע רעליגיעזע באַגריפען און אַנשויאונגען איבער־געוואַקסען, אויך צווינגענד זיין פאַר אונז, וואָס מיר לעבען אין אַ צייט, ווען די גאַנצע מענשהייט און מיר געפינען זיך שוין אויף אַזאַ ווייטען דיסטאַנץ פון אָט יענער ענטוויקלונגס־שטופע, אויף וועלכער מיר זענען דאַן געשטאַנען.

וואָרים ווייל דער יודאיזם איז פון אידישען פאָלק אַ פּראָדוקט איז ער אַן ערשיינונג, וואָס איז עוואָלוציאָנערער ענטוויקלונג אונטערגעוואָרפען, פּונקט ווי דאָס פאָלק אַליין מאַכט די דאָזיגע ענטוויקלונג דורך.

און פּונקט ווי דר. קאָהלער איז שטאַרק אין דעם טייל פון זיין רעפאָרם־אידעאָלאָגיע, וואָס האָט געצילט צו דעם,

דעם פּאָזיטיווען עלעמענט פון די רעפאָרם אַנשויאונגען צו באַגרינדען, עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג צו געבען צו אַט יענע רעפאָרם־אידעען, וועלכע זענען, אייגענטליך, כּלל ניט דאָס אויסשליסליכע אייגענטום פון רעפאָרם־אידענטום, וועלכע האָבען די אָנהענגערשאַפט אויך פון אַלע אַנדערע עלעמענטען אין אידענטום, וועלכע זענען אין אַ מעהר באַוואוסטזיניגער, אָדער אין אַ ווענינער באַוואוסטזיניגער, אין אַ מעהר שאַר־פער, אָדער אין אַ ווענינער שאַרפער פאָרם דאָס אייגענטום פון גאַנצען אידענטום, אַזוי שוואַך איז ער אויך אין אַט דעם טייל פון זיין רעפאָרם אידעאָלאָגיע, וואו ער טרעט אַרויס צו באַגרינדען דעם נעגאַטיווען עלעמענט פון די רעפאָרם־אַנשויאונגען, דאָרטען, וואו ער טרעט אַרויס צו פאַרטיידיגען אַט יענע רעפאָרם־אידעען, וואָס זויגען די טריפה־יניקה זייי־ערע פון די אַסימילאַציאָנס־שטרעבונגען פון רעפאָרם־אידענ־טום, צו פאַרטיידיגען אַט יענעם דעסטרוקטיווען — פון אי־דישען נאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט — עלעמענט פון דער רע־פאָרם־אידעע, וועלכער איז ווירקליך דאָס ספּעציעלע אייגענ־טום פון רעפאָרם אידענטום.

3

איך *) האָב זיך אָפּגעשטעלט אויספיהרליך אין דעם פריי־הערינען קאַפּיטעל אויף די פּאָזיטיווע עלעמענטען פון דער רעפאָרם אידעאָלאָגיע, הויפּטזעכליך, ווי זיי ווערען פון דר. קויפמאַן קאָהלער פאָרמולירט, אָנווייזענדיג צו ענדע, אויף דער שוואַכער פּאָזיציע, וואָס ער פאַרנעהמט, פאַרטיידיגענ־דיג די נעגאַטיווע עלעמענטען פון דער דאָזיגער רעפאָרם־אי־דעאָלאָגיע.

---

*) דאָס קאַפּיטעל ווערט דאָ צום ערשטען מאָל געדרוקט. די ערשטע צוויי: פריהער אין „פאָרווערטס"; נאָכדעם — אין אַן אויספירליכער באַאַרבייטונג — אין „דאָס וואָרט".

די דאָזיגע שוואַכע פּאָזיציע אָבער הויבט זיך, אייגענט־
ליך, נאָך פריהער אָן, דאָן נאָך, ווען די רעפאָרם־אידעאָלאָגיע
זיינע שטעהט נאָך אויף דעם באָדען פון די פּאָזיטיווע עלע־
מענטען איהרע. זי הויבט זיך אָן אין דעם מאָמענט, ווען
אויך זיין רעפאָרם־אידעאָלאָגיע, ווי די רעפאָרם־אידעאָלאָגיע
פון אַלע אַנדערע, נעהמט פאַרוואַנדלען די שעהנע טעאָריען
איהרע וועגען דער סופּעריאָריטעט פון אידישען פאָלק אין
אַ פאַקטאָר פאַר פּראַקטישע צוועקען; ווען אָט יענע אַנשווי־
אונגען און באַהויפּטונגען וועגען דעם אויסשליסליכען גרוי־
סען ווערט פון אידישען פאָלק און דער בחינה פון דער אי־
דישער קולטור ווערן אויסגענוצט דערויף, צו אינספּירירען
אָדער זאָגאָר נאָר סאַנקציאָנירען דורך זיי די שטרעבונגען
פון דער רעפאָרם באַוועגונג, אַז די אָדער יענע אידישע עלע־
מענטען זאָלען אין אַן אָפּגעזונדערטע, פון גאַנצען אידישען
פאָלק אָפּגעטיילטע, רעליגיעזע איינהייט זיך אָנגאַניזירען;
ווען זי פאַרגעסט, אַז ווען אפילו אָט יענע אַלע באַהויפּטונגען,
אַנשויאונגען איהרע זאָלען, ווירקליך, דורכאויס אַלס באַזונ־
דער אויפפאַסונגס־דאָקטרין, אַלס באַזונדערע אידעען־שטרע־
מונג אין אידענטום מוזען קלאַסיפיצירט ווערען, אין דער
באַצייכענונג פון וועלכער עס זאָל נאָך מוזען דערצו אויך דער
טערמין רעפאָרם זיך געפינען, אַז אפילו דאַן וואָלט פון דעם
אַלעם געקענט אַרויסשווימען נאָר די מעגליכקייט דערפון,
מיר זאָלען קענען וועגען אַ רעפאָרם־יודאאיזם רעדען, מען
וואָלט אָבער בשום אופן ניט געקענט אַרויסברענגען דערפון
די נויטווענדיגקייט פון דער עקזיסטענץ פון אַ רעפאָרם־
יודענהייט.

ווארים אַוואו איז עס טאַקע אָט יענער נאַטירליכער,
לאָגישער צוזאַמענהאַנג צווישען דער באַהויפּטונג, אַז דאָס
אידישע פאָלק איז דער בחיר פון די אַלע פעלקער, אַז די

אידישע עטישע ווערטען זענען דאָס שעהנסטע, דאָס ערהאַ־
בענסטע, וואָס די מענשהייט האָט אויף דעם געביט גע־
געשאַפען, און צווישען דער שטרעבונג, אַז אַלע די, וואָס
האָבען עס אַזאַ געהויבענע מיינונג וועגען פאָלק־ישראל און
וועגען תורת ישראל, זאָלען אין נאָמען פון אַט דער גע־
הויבענער מיינונג פורשים מן הצבור זיין, פון גאַנצען פאָלק
זיך אָפזונדערען, מאַכענדיג דעם אידישען רעליגיעזען שבת
פאַר זיך? אוודאי איז דאָס דער עלעמענט פון אידעען־פאַר־
בינדונג פאַראַן? ווי אַזוי קען מען דאָס אַלעס אויף איין
ליניע פון פאַראורזאַכענדע פאַקטאָרען און פאַראורזאַכטע רע־
זולטאַטען אַוועקשטעלען?

אויך די אַנשויאונגען, אַז איינציגע עלעמענטען פון די
אידישעי רעליגיעזע דאָגמען קענען פאַרוואָרפען ווערען, קען
ניט דיענען אַלס צעמענט, וואָס זאָל אַט יענע אַלע עלע־
מענטען פון אידישען פאָלק, וואָס די דאָזיגע אַנשויאונג האָט
זייער אַנהענגערשאַפט, קענען אַלס באַזונדער רעליגיעזע איינ־
הייט פאַראייניגען. דער לאָגישער, נאַטירליכער פועל־יוצא
דערפון קען זיין נאָר דאָס, זיי זאָלען אַ קאַמף אין אידענטום
פאַר אַט דער אַנשויאונג אָנפיהרען, זיי זאָלען אין פאָלק
פּראָפּאַגאַנדירען, אָבער ניט דאָס, זי זאָל ברענגען צו אַ
שפּאַלטונג אין אידענטום, זי זאָל ברענגען צו דער פאָרמי־
רונג פון אַ באַזונדער קלאַס אידען. עס איז דאָס אַלעס
נעגען די טראַדיציעס פון דער אידישער געשיכטע. צי האָט
דער גרויסער פרייגייסט, דער רעוואָלוציאָנערער ריעז אויף
דעם געביט פון דער אידישער רעליגיאָן, דער רמב״ם,
וועמען עס האָט זיך איינגעגעבען אַזאַ גוואַלדיגע רעוואָלוציע
אין אידישען דענקען אַריינטראָגען, וועלכער האָט זוכה גע־
ווען דערצו, אַז זיינע פילאָזאָפישע אידעען זאָלען ניט נאָר
גערולדעט ווערען פון דער אידישער אמונה, נאָר אַז זי זאָל

זיי אויך אַלס איהרע הויפּט־דאָגמען אנערקענען, זי זאָל זיי אויך אַלס איהר היסטארישע, טראַדיציאָנעלע ירושה באַ־טראַכטען — צי דאַט ער געמאַכט אירגענד וועלכען פאַרזוך רעליגיעזען אדער נאַציאָנאַלען סעפּעראַטיזם צו פּרעדיגען פאַר די אַנהעננגער פון זיינע רעליגיעזע אַנשויאונגען? צי האַט ער דען ניט, פאַרקעהרט, נאָך מיט דער גאַנצער קראַפט פון דער נשמה זיינער באַקעמפט די אַלע שטרעמונגען אין אי־דענטום, וואָס האָבען אין זיך די אונבאַדייטענדסטע סימנים אפילו פון סעפּעראַטיסטישע טענדענצען געטראָגען? צי איז דען ניט פאראורזאַכט געוואָרען דער ריזיגער ערפאָלג, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין טעטיגקייט צו רעוואָלוציאָניזירען דאָס אידישע רעליגיעזע דענקען, טאַקע דערפון וואָס ער איז מיט דעם גאַנצען פאָלק געבליבען, וואָס ער איז מיט זיינע רעוואָלוציאָנערע, רעליגיעזע לאָזונגען צום גאַנצען פאָלק געגאַנגען?

זאָגען זיי דאָך אַליין, אז אויסער אַט יענעם קאַרדינאַלען הויפּט־פּרינציפּ בנוגע צום גלויבען פון אחדות הבורא, פאַר־פליכטעט ניט דאָס אידענטום צו קיינע דאָגמען. צו וואָס, אלזא ארויסטרעטען פון דעם גאַנצען כּלל אידענטום צוליעב דעם, וואָס מען וויל ניט אַנערקענען דעם אויטאָריטעט פון אייניגע פּונקטען פון אַנגענומענעם אידישען רעליגיעזען סיס־טעם? עס איז ווירקליך, מאָדנע, אז די באַהויפּטונג, אז ביי אידען זיינען קיין דאָגמען ניט פאַרהאַן, זאָל אַליין פאַרוואַנ־דעלט ווערען אין אַ דאָגמאַ, וואָס זאָל דיענען אַלס באָדען, אויף וועלכען עס זאָלען די טרעגער איהרע אַלס באַזונדער רעליגיעזע איינהייט זיך אָרגאַניזירען.

און אויך אין זייער עוואָלוציאָנס־טעאָריע בנוגע די מצוות מעשיות, בנוגע דעם אידישען גאַנצען נאָרמען קאָ־דעקס, וואָס רעגולירט די אידישע לעבענס־פיהרונגען — אויך

אין איהר איז נאר ניטא דער עלעמענט, וואס זאל מוזען פיהרען דערצו, אז די אלע אנהענגער איהרע זאלען זיך אין א באזונדער רעליגיעזע גרופע פון גאנצען אידישען כלל אויס־טיילען.

דאס פארוואַרפען פון א געוויסען טייל פון אידישען ריטואל, דאס פארוואַרפען פון דער אידישער טראַדיציע בנוגע די אידישע לעבענספיהרונגען, קען פארשטאנען ווערען אלס ניט קיין רעליגיעזער אָדער נאַציאָנאַלער פארברעכען, אלס דערלאזבארער פאר דעם מאָדערנעם אידען, פאר דעם אידען פון דער היינטיגער צייט.

ווי קען אבער דאס אלעס אויפגענומען ווערען אָדער פארשטאנען ווערען אלס פאזיטיווער פרינציפ, וועלכער זאל רעליגיעזע באגייסטערונג ביי מענשען אינספּירירען, וועלכער זאל פאר זיי אלס צעמענט קענען דיענען, דורך וועלכען זיי זאלען דורך א באזונדער רעליגיעזער גרופע קענען פאראייניגט ווערען. מען קען אננעהמען דעם געדאנק, אז א מאָדערנער איד קען בלייבען א איד אפילו, ווען ער איז אן אוכל טריפות, אפילו ווען ער איז ניט מקיים דעם „ואת החזיר לא תאכלו“. וואס פאר א געדאנק איז דאס אבער מען זאל אין נאמען פון דעם, וואס מען איז אויף דעם לאו פון „ואת החזיר לא תאכלו“ עובר, זיך ארגאניזירען, מען זאל אין נאמען פון דעם, וואס מען איז ניט נזהר אין הלכות מאכלות אסורות א באזונדער ארגאניזאציע פון די אלע ניט נזהרניקעס שאפען?

און וויפיעל נאך מעהר אונזין מוז זיין אין דעם, ווען מען דענקט נאך, אז אזא ארגאניזאציע איז נאך דערצו אן ארגאניזאציע, וואס האט א ספעציעלע רעליגיעזע פארבונד. און נאך מעהר אבסורדיטעט מוז מען זעהן דאן, ווען עס ווערט נאך דערצו באהויפטעט, אז נאר יענע ארגאניזאציע

איז דאס די אמתע פארטרעטעריין פון יודאאיזם, אז נאר איהרע מיטגליעדער זענען עס די איינציגע ריכטיגע אידען.

נאר אלעמען קען דאך די פאזיטיווע באציהונג, וואס מיר קענען האבען צום פארוואָרפען די אדער יענע „לאווין" פון דער תורה באשטעהען נאר אין דעם, מיר זאלען עס ניט אלס אן עבירה דארפען באטראכטען, אבער כלל ניט אין דעם, מיר זאלען עס אלס מצוה באדארפען באטראכטען: דערצו נאך אלס מצוה, וואס שטעלט פאר מיט זיך דעם הויפט־באזיס פון אידענטום.

מיט נאך מעהר שוואכקייט אבער, ווי געזאגט, צייכענט זיך אויס די רעפארם אידעאלאגיע זיינע דארטען, וואו זי געהט איבער דירעקט צו די דירעקטע נעגאטיווע עלעמענטען איהרע, דארטען, וואו זי זוכט צו באווייזען, אז דער אידי־שער נאציאנאליזם אין אלע זיינע פארשידענע פענאמען איז געגען דעם אמתען כאראקטער פון יודאאיזם, אז זיינע שטרעבונגען זענען דער געגענזאץ פון די שטרעבונגען פון די אידישע טראדיציאנעלע אידעאלען; דארטען, וואו די אידעאלאגיע זיינע טרעט ארויס צו באגרינדען די נאציאנאל־געזעלשאפטליכע אסימילאציאנס־פרינציפען פון רעפארם־אידענטום.

אזוי, ווען עס רעדט זיך וועגען דעם גאנצען אויפלעזען פון דער עקזיסטענץ פון יודאאיזם אלס באזונדער רעליגיעזע דאקטריין, וואס גרופירט ארום זיך די מיטגלידער פון אידי־שען פאלק, ווייסט דר. קאהלער גאנץ גוט, אז אידישקייט איז ניט נאר רעליגיאן, נאר אויך ראסע. קומט אבער צום אי־דישען נאציאנאליזם פארגעסט ער פלוצלונג אין דעם דאזיגען ראסען־פרינציפ און פאדערט פון אידישען פאלק אזוינס, וואס ווערט פון קיין אומה ולשון ניט געפאדערט, פאדערענ־דיג פון אידישען פאלק, עס זאל זיך איין אן אויסנאמס־לאגע

פון אלע פעלקער שטעלען און זאל אפטויטען אין זיך דאס נארמאלע, געזונטע געפיהל, וואס לעבט אין יעדען פאלק, זיין קאלעקטיווע דערהאלטונג אלס באזונדערע נאציאנאלע איינהייט איינהיטען. אין נאמען פון די דערהאבענע אידעאלען פון יודאאיזם פאדערט ער פון אידען ער זאל דאס נאציאנאלע געפיהל זיינס מסרס זיין. אין נאמען פון די אויסשליסליכע פסיכישע אייגענשאפטען פון אידישען פאלק, וואס מאכען איהם פעהיג, ער זאל קענען א הויכע מדרגה פון עטישע לעבענס־פארמען דערגרייכען, פרעדיגט ער א ד ע ג ע נ ע־ ר י ר ט ע ן נאציאנאלען באוואוסטזיין פאר דעם אידישען פאלק.

איך האב געזאגט: „דעגענערירטען" — ווארום פונקט, ווי אלע אנדערע רעפארם־אידעאלאגען פארבייט כלל ניט אין אמתען אויך דר. קאהלער דעם אידישען נאציאנאלען באוואוסטזיין אויף דעם הויך־געלויבטען פון זיי קאסמאפאליטיזם, אויף דעם פיעל־באזונגענעם פון זיי אוניווערסאליזם. זיי זענען ניט אזוי געגען א נאציאנאלען באוואוסטזיין בכלל פאר דער אידישען פאלק, ווי געגען דעם, אז דער דאזיגער נאציאנאלער באוואוסטזיין זאל א אידישער זיין. וואס זיי ווילען איז ראשית דעם נאציאנאלען באוואוסטזיין פון אידישען פאלק צו ענטאידישען. צווייטענס, אויב שוין יא נאציאנאלער באוואוסטזיין זאל רחבות זיין אין דעם, זאל וואס מעהר פון דעם מין זיין. נישקשה, די רעפארם אידען זענען גאנץ גוט אפ פינאנציעל. זיי קענען זיך דעריבער ערלויבען אויך אין דער הינזיכט מעשה נגיד זיך צו פיהרען. וואס זיי ווילען, אלזא, צווייטענס, איז דאס, אז אנשטאט איין נאציאנאלען באוואוסטזיין זאל דאס אידישע פאלק עטליכע אזוינע נאציאנאלע באוואוסטזיינס פארמאגען. ניט נאר

דאס אליין ווילען זיי, אז דאס געפיהל פון פסיכישער אנגעהעריגקייט צום אידישען פאלק, זאל מיט די ווארצלען פון זיין באוואוסטזיין אויסגעריסען ווערען: נאר זיי ווילען אויך דאס, אז אט דאס איינהייטליכע געפיהל זאל אויף פאר־שידענע פיעלע געפיהלען אזוינע צעברעקעלטע ווערען, אז ביי יעדען באזונדער טריטאריעלען טייל פון אידישען פאלק זאל א געפיהל פון פסיכישער אנגעהעריגקייט צו אט יענער נאציאן, צווישען וועלכער זיי לעבען, עקזיסטירען. ווארים ניט נאר אין טעאלאגיע אליין זענען די אידעאלאגען פון רעפארם־אידענטום שטארק, נאר אויך אין פסיכאלאגיע. ווייסען זיי דעריבער, אז ראסען־אינסטינקט איז א זאך וואס מען קען זיך שפיעלען דערמיט, ווי מיט א באל; ווייסען זיי דעריבער, אז דאס געפיהל פון פסיכישער אנגעהעריגקייט צו א געוויסער נאציאן קען אויף דעם באפעהל פון א רב אדער א גלח אויף „עולמית" פארשווינדען; ווייסען זיי דעריבער, אז מען קען זיך, פשוט, „איבערדרעהען" פון איין נאציאן צו דער אנדערער. יא, זיי זענען אויך אין „פסיכאלאגיע" זעהר שטארק. ווייסען זיי דעריבער, אז ראסען־אינסטינקט איז א זאך, וואס מען קען קולטיווירען אין זיך, א זאך, וואס יעדער איינער קען צו יעדען מאמענט פאבריצירען אין דער נשמה זיינער לויט די באדערפענישען, וואס ער באדארף האבען פאר דעם טאג־טעגליכען געברויך זיינעם, אז יעדער איינער פון פאראויס נעגעבענער צום מענשען, צוזאמען מיט איהם — אין איהם — געבוירענער באשטימטער ראסען־אינסטינקט קען צו יעדען מאמענט געענדערט ווערען, אויף אן אנדערען פארביטען ווערען, אין אנקלאנג מיט דעם, וואס ער ענדערט אין דעם אדער יענעם צעהנדליג יאהרען פון זיין לעבען די אלטע — אדיגענעלע אדער אראפטירטע — היימאט זיינע אויף א נייער.

דאס, וואס זיי פרעדיגען איז, אלזא, ווירקליך, נאר א דעגענערירטער נאציאנאלער באאאוסטזיין פאר דעם אידי־שען פאלק.

און מעהר נאך העסליך און אפשטויסענד, פאלש און זינלאז, ווי די דאזיגע פיינע טעאריען זייערע, ווענען א נאציאנאלאזער אידישער נאציע, די פיינע אסימילאציאנס־טעאריען זייערע, וואס מאכען דאס גאנצע אידישע פאלק נא־ציאנאלאז, זענען פאר זיך אליין, זענען די באגרינדונגען זייערע: דאס, וואס די „טומאה" פון די דאזיגע טעאריען ווערט אריינגעלעגט אין דער „יראה" פון אידישען גלויבען, דאס וואס דער דאזיגער דעגענערירטער נאציאנאלער בא־וואוסטזיין ווערט געדעקט מיט דעם אויטאריטעט פון דער אידישער רעליגיאן.

נאטירליך, דאס אידישע נאציאנאלע געפיהל איז עט־וואס אזוינס, ווענען וועלכען עס דארף אין צוזאמענהאנג מיט דער רעליגיאן גערעדט ווערען, אין דעם הויפט מהות זיינעם אבער, אין דער אלגעמיינער וועזענטליכקייט זיינער באלאנגט דאס דאזיגע געפיהל צו אט יענער קאטעגאריע געפיהלען, וואס שטעהען אויסער דער רעליגיעזער ליניע, וואס שטעהען איבער דער מעגליכקייט, מען זאל דארפען פאר זיי א היתר אדער קענען פאר זיי אן איסור אין דער רעליגיאן געפינען, ווארים פיעל מעהר ווי מען קען רעדען ווענען דעם רעליגיעזען געפיהל פון מענשען אלס עטוואס אזוינס, וואס דערנעהנטערט זיך צו דער מדרגה פון אן אינסטינקט, קען מען אין דעם זין ווענען דעם נאציאנאלען געפיהל רעדען.

ווארים אפילו די, וואס זענען אינגאנצען פריי — לויט ווי זיי דענקען: ווארים אין גאנצען פריי פון דעם איז קיינער פון אונז ניט. אין דער אדער יענער פארם עקזיסטירט דאס רעליגיעזע געפיהל ביי יעדען איינעם פון אונז, צו מיר, ווײ־

סען יא, צי מיר ווייסען ניט, פון דעם — פון רעליגיעזען גע־
פיהל, זענען זיי אבער פון דעם נאציאנאלען געפיהל ניט
פריי.

אלענפאלס איז אבער דאס זיכער, אז מען קען פון
דער אידישער רעליגיאן קיין איסור ניט ארויסגעפינען פאר
דעם אידישען נאציאנאליזם, אין דער געזונטער, נארמאלער
פארם זיינער. פארקערט נאך, אויף וויפיעל מען קען רע־
דען וועגען אידישען נאציאנאליזם אין צוזאמענהאנג מיט
דער אידישער רעליגיאן איז נאר אין פאזיטיווען זין, אבער
ניט אין נעגאטיווען. צי אין אידענטום איז דער הויפט —
אדער: אויסשליסליכער — עלעמענט — דער נאציאנאלער
מאמענט, ווי די ניט רעליגיעזע אידישע דענקער, ווי אחד
העם מיט זיינע תלמידים ווילען האבען, אדער עס איז נאר
דער רעליגיעזער מאמענט, ווי אנדערע ווילען האבען — אלענ־
פאלס איז אבער אויך דאס זיכער, אז דער נאציאנאלער מא־
מענט שפיעלט אליבא דכולי עלמא א געוואלדיגע באדיי־
טענדע ראלע אין אידענטום, אז ער איז איינער פון די
וויכטיגע זיילען, אויף וועלכע עס האלט זיך די גאנצע גע־
ביידע פון אידענטום. אידענטום איז ווירקליך ניט נאר
א רעליגיעז סיסטעם, נאר אויך, אדער הויפטזעכליך, א לע־
בענס־סיסטעם, וואס איז אין שטרענגע אידיש נאציאנאלע
ראמען איינגעפאסט. די נאציאנאלע אידעע איז דער וויכ־
טיגסטער צענטער אין אידענטום. ארום איהר איז קאנ־
צענטרירט דער גרעסטער טייל פון די אלע אידישע רעלי־
גיעזע נארמען, פון דעם גרעסטען טייל פון דעם אידישען
רעליגיעזען צערעמאניאל. דער יודאאיזם איז ווירקליך ניט
נאר רעליגיאן אליין, נאר אויך ראסע, ניט נאר רעליגיעזע
דאמנא, נאר אויך נאציאנאלער אינהאלט, נאציאנאל לעבען.
אויב די אידישע רעליגיאן איז גאנצען היפך איחרען איי

ווירקליך א פּראָדוקט פון אידישען פאָלק, וואָס איז פון איהם אויסגעוואַקסען, וואָס אויך צוזאַמען מיט איהם געוואַקסען, מוז עס אַלס דער גרעסטער אַבסורד באַטראַכט ווערען צו מאַכען א באַהויפּטונג, אַז זי פּרעדיגט נאַציאָנאַלע זעלבסט־פאַרלייקענונג.

און אַלס נאָך גרעסערער אַבסורד מוז עס אויסזעהן, ווען מען שרייבט צו דער אידישער רעליגיאָן ניט נאָר א פאַר־באַט פאַר דעם אידישען נאַציאָנאַליזם, נאָר אויך א פאַר־זאָג, אַז דער דאָזיגער פאַרוואָרפענער אידישער נאַציאָנאַליזם זאָל אויף אַן אַדאַפּטירטען פרעמדען נאַציאָנאַליזם פאַרבי־טען ווערען. מען נעהמט די תורה צו ערב־שמד אַלס אונטער־פיהרערין. מען הייסט איהר דעם שידוך פון ערגסטען סאָרט אַסימילאַציע דעם אידישען פאָלק צורעדען.

אויב עס האָבען זיך ווען געפונען עושי פּלסתר פון דער תורה ביי אידען, זענען עס די רעפאָרמער אידיאָלאָגען גע־ווען. אין נאָמען פון דער תורה, וואָס די גרעסטע ברכה, וואָס זי האָט פאַר דעם אידישען פאָלק געהאַט, איז „איהר זאָלט אריכות ימים האָבען אויף דער ערד, וועגען וועלכער נאָט האָט געשוואָרען צו אייערע עלטערען" געווען, וואָס די גרעסטע קללה, וואָס זי האָט פאַר זיי געהאַט איז, אַז גאָט וועט זיי פון זיין לאַנד אַפּפרעמדען, אין גלות פאַרטרייבען, אין איהר נאָמען קומען זיי באַקעמפען די שטרעבונגען פון ציוניזם נאָכאַמאָל דעם גורל פון אידישען פאָלק מיט דעם גורל פון דעם אידישען לאַנד צו פאַרבינדען.

אויב עס זענען ווען געווען פאַרברעכערישע פאַרשווע־כער פון דעם הייליגען אָנדענקען פון אונזערע נביאים, זע־נען עס די רעפאָרמער אידעאָלאָגען געווען. אין נאָמען פון די נביאים, וואָס דער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין זייערער האָט, אין יעדען מאָמענט פון זייער לעבען וואַך געהאַלטען

די אַלע חושים זייערע, קומען זיי פּרעדיגען נאַציאָנאַלע זעלבסט־פאַרלייקענונג. אין נאָמען פון די נביאים, וואָס די קלענסטע געפאַהר פאַר דער אידישער זעלבסטשטענדיגקייט וואָס זיי האָבען געזעהן, האָט מיט ענדלאָזען צער, מיט ענדלאָזען טרויער זייער נשמה אָנגעפילט, וואָס זענען גרייט געווען צו יעדען מאָמענט זייער לעבען אין סכנה צו שטעלען אויף אָפּצעווענדען די דאָזיגע געפאַהר, וואָס זייערע אויגען זענען אין קוואַלען פון טרעהרען פאַרוואַנדעלט געוואָרען, ווען זיי האָבען געזעהן דעם אונטערגאַנג פון דער אידישער פּאָליטי־שער זעלבסטשטענדיגקייט, וואָס די נשמה זייערע איז מיט שאַלענדער פרייד איבערפילט געוואָרען ביי יעדען מינדסטען שטראַהל פון האָפנונג, וואָס האָט אַ שיין געטאָן פאַר זיי, ביי יעדען מינדעסטען האָפנונגס־שטראַהל וועגען „שיבת בנים לגבולם" — אין זייער נאָמען קומען זיי פּרעדיגען נאַציאָנאַלען פאַרראַט צום אידישען פאָלק, אין זייער נאָמען קומען זיי מיט שטיינער צו באַוואַרפען די אַלע גאולה־האָפנונגען זיינע.

אין נאָמען פון די נביאים, וואָס אויך די אוניווערזאַל־סטע טרוימען זייערע זענען פון אַזוינע עקזאַלטירטע נאַצי־אָנאַלע אַספּיראַציאָנען דורכגעוועבט געווען, וואָס אויך דאַן, ווען זיי זענען מיט זייערע וואונדערלאַכע זעהונגען פאַר דער וועלט אַרויסגעטראָטען וועגען די גרויסע וואונדער וואָס וועלען מיט אַלע פעלקער באחרית הימים געשעהן, וועגען דער גרויסער דערלייזונג, וואָס אַלע מענשען וועלען דאַן פאַר זיך געפינען, זענען זיי נאַציאָנאַלע שווערמער, נאַציאָנאַלע טרוימער ביז צו די פאַרבאָרגענסטע פיברען פון זייער נשמה געבליבען, וואָס אויך דאַן, ווען זיי האָבען וועגען גליק פאַר דער גאַנצער מענשהייט געטרוימט, האָבען זיי דאָס דאָזיגע גליס אַנגעהאַנגען אין דער ערשיינונג פון אידישען משיח,

וואס וועט פון אידישען לאנד איבער די אלע פעלקער רע־גירען, וואס ניט וועניגער שטארק, ניט וועניגער עקזאלטירט, ווי עס איז געווען דער גלויבען זייערער אין דעם אנקומען פון דער גאלדענער צייט אין דער ווייטער צוקונפט, ווען גאטסווארט וועט אויף די ליפען פון אלע מענשען געטראגען ווערען, אין דעם אנקומען פון דער גאלדענער צייט פון „ומלאה הארץ דעה כמים לים מכסים", איז אויך געווען דער גלויבען זייערער, אז ציון וועט מוזען דאן אין צענטער פון די דאזיגע גרויסע וואונדער שטעהן, אז פון ציון וועט דאס דאזיגע גרויסע ליכט אויפגעהן, אז פון דארטען וועט עס די גאנצע וועלט פארפלייצען, אז ירושלים וועט דער צענטראלער פונקט זיין, צו וועלכען אלע פעלקער וועלען זיך ציהען, זיי זאלען דארטען גאטס ווארט הערען, זיי זאלען דארטען די תורה לערנען — אין זייער נאמען האבען זיי די דורכגעזאפטע מיט בלוטיגע טרעהרען אידישע סדורים געפליקט, אין זייער נאמען האבען זיי ארויסגעריסען פון זיי די אלע תפלות, אין וועלכע עס ווערט דאס ווארט ציון, דאס ווארט ירושלים דערמאנט.

יא, מען קען זיך ניט פארשטעלען קיין גרעסערע פאר־שוועכונגען פון די רייד פון דער תורה, פון די רייד פון די נביאים, ווי די פארשוועכונגען, וואס איז פון דער רעפארם אידעאלאגיע געמאכט געווארען איבער זיי.

און, לײדער, האט אויך דר. קאהלער א האנט אין דער דאזיגער פארשוועכונג געהאט.

# פאָלקס דיכטונג און קלאַסישע דיכטונג

פיעלע קענען זיך זיך ניט אָריענטירען צו אונטערשיידען צווישען דער קלאַסישער דיכטונג און צווישען דער פאָלקס־דיכטונג. זיי פאַרמישעןביידע זאַכען צוזאַמען. די גרויסע פּאָעטען פון די ערשטע דורות הייסען ביי זיי אויך פאָלקס־פּאָעטען. די קלאַסישע פּאָעזיע הייסט ביי זיי אויך פאָלקס־פּאָעזיע. אין אמתען אָבער, טיילט זיי אַ טיעפער תהום פאַנאַנדער. פאָלקס־פּאָעזיע איז ראשית כל קיין פּאָעזיע ניט אין ריינעם קינסטלערישען זין, דאַן, ווען קלאַסישע פּאָעזיע ווידער איז ראשית־כל פּאָעזיע דוקא.

די ערשטע איז רוי, אָרים אין פאַרבען, אָרים אין פאַר־שטעלונגס־קראַפט, אָרים אין פאָרם, ווי אויך אין אינהאַלט, אָהן פאַרנעם, אָהן ברייטקייט, אָהן טיעפקייט. זי איז פּרי־מיטיוו. קינדיש. עס פעהלען אין איהר די אַלע עלעמענטען, וואָס בילדען דעם אָרגאַנישען טייל פון קינסטלערישער פּאָ־עזיע. די פאָלקס־פּאָעזיע קען קיינמאָל ניט אין דעם גרעסטען טייל איהרען אַלס עסטעטישע פּאָעזיע באַטראַכט ווערען. די קלאַסישע פּאָעזיע אָבער איז ניט ווייניגער עסטעטישע פּאָ־עזיע, ווי די מאָדערנע פּאָעזיע איז עס. ניט ווייניגער ווי אין דער מאָדערנער פּאָעזיע זיינען אויך אין איהר די אַלע עלעמענטען פון קינסטלערישער פּאָעזיע פאַראַן. אין מאַנכע פון די שאַפונגען פון די גרויסע פאַרשטעהער איהרע גע־פינען זיי זיך נאָך אין אַ פיעל גרעסערער מאָס, ווי אין די שאַפונגען פון פיעלע פאַרשטעהער פון די לעצטע.

מעגען די אויסדרוקס־פאָרמען פון דער לעצטער אַנדערע, נייערע זיין, מעגען אויך איהרע מאָטיוון אַנדערע זיין, וואָס אַנבאַלאַנגט אָבער צו די גרונט־פּרינציפּען פון קינסטלע־רישקייט איז קיין אונטערשייד ניטאָ צווישען זיי, שטעהט די ערשטע ניט אָפּ פון דער לעצטער. פאַרקערט נאָך. וואָס אַנבאַלאַנגט דער קראַפט פון אויסדרוק שטעהט די ערשטע אין פיעלע פענאָמענען איהרע העכער פון דער לעצטער, טראָץ דעם, וואָס איהרע אויסדרוקס־מיטלען זיינען — אויב ניט פיעל־פאַרביגער איז אַלענפאַלס — פיעל טעניגער, פיעל מעהר ראַפינירט פון דער ערשטער.

און אין דעם איז דער אונטערשייד פון אַ קינסטלער אַ קלאַסיקער ביז אַ קינסטלער אַ פּיאָנער. די וויכטיגקייט פון פּיאָנער באַשטעהט אין דעם, וואָס ער האָט דאָס פעלד באַ־אַקערט, מען זאָל דערויף זעען קענען. ער איז דער, וואָס האָט ניט מעהר, ווי נאָר אונפאָרמירטען מאַטעריאַל פאַר דער געפּלאַנטער געביידע געטראָגען. דער קלאַסיקער אָבער איז דער, וואָס אָט דאָס צעאַקערטע פעלד מיט די געבענטשטע קינסטלערישע זריעה־קערענדלאַך זיינע פאַרזעעט, וואָס האָט ניט נאָר דעם פונדאַמענט פון דער קינסטלערישער געביידע געלעגט, נאָר ער האָט זיך אויך אין דעם בויען פון אַ גרויסען, וויכטיגען טייל פון דער געביידע באַטייליגט. די פאַרדינסטען פון דעם פּיאָנער זענען היסטאָרישע, רעלאַטיווע. ער איז דער פאָרלויפער געוועזן. ער האָט דעם באָדען צוגעגרייט. די פאַרדינסטען אָבער פון קלאַסיקער זענען אַבסאָלוטע, ריין־קינסטלערישע. דער פּיאָנער איז דער אויפוואַכונגס־מאָמענט פון קינסטלערישען געניוס פון פאָלק. דער קלאַסיקער אָבער איז שוין דער רייפער פענאָמען זיינער.

און נאָך מעהר אונטערשיידעט זיך דער פאָלקס־קינסטלער פון קלאַסיקער־קינסטלער. דאָן, ווען דער פאָלקס־־פּאָעט

בלייבט שטענדיג אויסער די גרעניצען פון דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור אַלס אָרגאַנישער טייל פון איהר, פאַרנעהמט דער קלאַסיקער פּאָעט דעם סאַמע אויבענאַן אין איהר. אין דער הינזיכט שטעהט די פאָלקס־דיכטונג נאָך פיעל נידעריגער פון דער פּיאָנערן־דיכטונג טראָץ דעם פאָרצוג, וואָס זי האָט איבער איהר אין אַ אַנדער הינזיכט, טראָץ דעם וואָס זי איז מיט אריכות־ימים מעהר פּריווילעגירט, ווי די ערשטע, טראָץ דעם, וואָס זי קען איהר עקזיסטענץ אין אַ משך פון פיעלע פעריאָדען זייט ביי זייט מיט דער קינסטלערישער דיכטונג פון פאָלק אָנהאַלטען. אויב די פּיאָנערען דיכטונג פיגורירט ניט אין דער געשיכטע גופא, פיגורירט זי אָבער דאָך אין דער איינלייטונג איהרער. אויב זי איז ניט קיין אויסגאַנגס־פּונקט אין איהר, איז זי אָבער דאָך אייניגער־מאָסען אַן אָנהויב־פּונקט אין איהר. אַלס אָרגאַנישער טייל אָבער קען די פאָלקס־דיכטונג אויך אַלס אָנהויב־פּונקט אפילו אין איהר ניט פיגורירען.

די דאָזיגע גרויסע קלאַסיקער־קינסטלער זענען ניט נאָר די שעפּפער פון דער ליטעראַטור, אין וועלכער זיי האָבען געווירקט, נאָר זיי זענען אויך איהרע זיילען.

מיר האָבען צו זיי ניט נאָר אַ היסטאָרישע באַציהונג, נאָר אויך אַן אַקטועלע. זיי בלייבען איבער אין דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור ניט אַלס פאָרהיסטאָרישע — אָדער נאָר אַלס היסטאָרישע אפילו — אין דעם זין פון שוין אָפּגעלעבטע — פיגורען, נאָר אַלס אַן אַקטיווער, לעבעדיגער, ווירקענדער כח, וואָס די השפעה זיינע געהט פון דור צו דור איבער, וואָס זייערע שאַפונגען ווערען אַ לעבעדיגער, אונשטערבליכער טייל פון דעם געשאַפענעם קינסטלערישען רייכטום פון יעדען דור. ווי פאַרשידען עס זענען ניט די התגלות־פאָרמען, וואָס דער קינסטלערישער געניוס פון פאָלק

נעהמט אן אין די פאַרשידענסטע פּעריאָדען פון דער געשיכטע פון פאָלק, ווי ראַדיקאַל עס מעגען ניט געענדערט אויסזעהן די ווייטערע ענטוויקלונגס־פאַזען פון דער שעפּפערישער ענערגיע פון קינסטלערישען געניוס פון פאָלק פון די פריי־הערע, זענען זיי אַלע אין עצם תוך זייערען אין איין שורש־נשמה פאַראייניגט, לעבען זיי אַלע אין איין אַלגעמיינעם קאָ־לעקטיווען לעבען. אין אַ געוויסען זין זענען גאָר אינגאַנצען קיין באַזונדערע שאַפונגס־פעריאָדען ניט פאַראַן. אין אַ געוויסען זין זענען אויך גאָר אינגאַנצען קיין אָפּגעזונדערטע אינדיווידועלע שאַפונגען ניט פאַראַן.

די דאָזיגע אַלע פאַרשידענע שאַפונגס־פעריאָדען, די דאָזיגע אַלע פאַרשידענע אינדיווידועלע שאַפונגען זענען ניט קיין באַזונדערע קינסטלערישע אָרגאַ־ניזמען, נאָר טיילען פון איין גאַנצען, פאַראייניקטען בילד, מאָטיווען פון איין האַרמאָנישער סימפאָניע. יעדער נייער דור טראָגט ניט נאָר נייע מאָטיווען אַריין אין אוצר פון דער שעפּפערישער ענערגיע פון קינסטלערישען געניוס פון פאָלק, נאָר אויך די אַלטע מאָטיווען רעפּרודיצירט ער, נאָר שאַפט אויך נייע התגלות־פאָרמען פאַר דער השארת הנפש פון דעם, וואָס די שעפּפערישע ענערגיע פון קינסטלערישען געניוס פון פאָלק האָט אין די אַלטע דורות געשאַפען.

און צו אָט דער קאַטעגאָריע פון גרויסע קלאַסיקער האָט אויך דער פאַרשטאָרבענער דיכטער מאָריס ראָזענפעלד באַ־לאַנגט. וואָס אָנבאַלאַנגט דער פּאָעטישער גבורה, מיט וועל־כער דער פאַרשטאָרבענער דיכטער האָט זיך אין אַזאַ גרוי־סער מאָס אויסגעצייכענט, דעם וואונדערבאַרען ריטם פון די מעהרסטע ליעדער זיינע, די פולבלוטיגע אויסדרוקס־פאָר־מען, אין וועלכע ער האָט זיינע דיכטערישע מאָטיווען פאַר־קערפּערט, איז ער אָהן צווייפעל דער גרעסטער דיכטער אין

אונזער ליטעראַטור אין אידיש. וואָס אַנבאַלאַנגט פּאָעטישע גבורה קען זיך אפשר אין דער אידישער פּאָעזיע נאָר דער מאָדערנער מ. ל. האַלפּערין פאַרגלייכען מיט איהם. די פּאָעטישע גבורה אָבער פון דעם ערשטען איז אַ מעהר לירישע, אַ מעהר טראַגישע, אַ מעהר ריהרענדע, דאַן, ווען די פּאָעטישע גבורה פון לעצטען — פון האַלפּערין — איז אַ שרייענדע, אַ שעלטענדע, אַן אויפרעגענדע, כאָטש עס מוז אָבער אויך צוגעגעבען ווערען, אַז האַלפּערין פאַרמאָגט פיעל מעהר פּאָעטישע גייסטרייכקייט, ווי ראָזענפעלד, אַז ער באַוועגט זיך אין אַ פיעל־בּרייטערען, רייכערען, פּאָעטישערען שטח, ווי יענער: ער שטעהט דאָך אַזוי איינער אליין צווישען די אַלע דיכטער אונזערע, וואָס אַנבאַלאַנגט דער אָריגינעלער, פאַרבענרייכער מאָדנעקייט פון דעם מאָטיווען־אינהאַלט פון זיינע דיכטונגען.

---

ראָזענפעלד האָט ווירקליך אַ ריזיגען פּאָעטישען כח פאַרמאָגט. עס איז אין דעם אימפּעט פון זיינע ליעדער אַזויפיעל קראַפט פאַראַן. ווי לויפענדע כוואַליעס לויפט איין סטראָף נאָך דעם צווייטען סטראָף, איין פערז נאָכן צווייטען פערז, ביז עס ווערט דער איינדרוק פון אַ ברויזענדען, פאַנאַנדערשפּילענדען זיך ים דערגרייכט.

און עס מוז ווירקליך איינער אַ זעהר אָרימען באַגריף וועגען פּאָעזיע האָבען, זעהר אַן אָרימע אָריענטאַציע אין די פאַרשידענע מדרגות איהרע פאַרמאָגען, דאַרויף, ער זאָל ניט קענען ביי זיך פּועלען סתם אַזוי אָלס אַ גרויסען דיכטער ראָזענפעלדען צו באַצייכענען, דאַרויף, ער זאָל אין איהם דוקא נאָר אַ פאָלקס־דיכטער זעהן. ראָזענפעלד, וואָס האָט אַזאַ שאַרף פּאָעטיש אויג פאַרמאָגט, וואָס האָט אין אַזוי

פיעל פאעטישער פארב זיינע אידעען־בילדער געזעהן, וואס פארמאגט אזוי פיעל פאעטישען גלאנץ, פאעטישען בליץ, פאעטישען איינפאל אין די אויסדרוקס־מיטלען זיינע, איז ביי זיי ניט מעהר, ווי נאר א פאלקס־דיכטער, וואס דער כאראקטעריסטישער שטריך זיינער איז פונקט דער געגענזאץ פון דעם אלעם אויבען אויסגערעכענטען. זיין קלאסישע פאעזיע, וואס צייכענט זיך אויס מיט איהר פאטאס, מיט איהר שוואונג, מיט איהר פאעטישער בילדליכקייט, מיט איהר באצווינגענדער אויסדרוקס־קראפט איז ביי זיי ניט מעהר ווי נאר פאלקס־פאעזיע, וואס דער הויפט־כאראקטעריסטישער שטריך אין דעם גרעסטען טייל איהרען באשטעהט אין דעם, וואס זי איז ניט מעהר, ווי נאר געגראמטע פראזע פרימיטיווע.

און נאטירליך זענען דא אין פיעלע ערטער פון די ליעדער זיינע איינינגע ניט־גלאטקייטען, איינינגע ניט־פאעטישקייטען, ווי אויך א געוויסער עלעמענט פון פראזאאישען ווערטערגראם. וואס פאר א ווערט האט אבער דאס אלעס, ווען מען נעהמט דעם גאנצען ראזענפעלדען? עס וואלט אן אומנאטירליכע ערשיינונג געווען, ווען דאס אלעס וואלט ניט געווען צו באמערקען אין זיינע שאפונגען. פאקטיש איז ער דאך דער ערשטער אידישער דיכטער פון גרויסען צוג געווען. פאקטיש האט ער דאך דער אידישער פאעזיע פארם און שפראך געגעבען. וגו גרויס די ערשטע קלאסיקער זאלען ניט זיין, ווי אמת עס זאל אויך דאס ניט זיין, אז אין מאנכע הינזיכטען דערגרייכען זיי אין זייערע שאפונגען אזא מדרגה פון קינסטלערישער שלימות, וואס האלט זיי אין אלע תקופות פון די קומענדע דורות „משכמם ומעלה“ העכער פון די אלע אנדערע קינסטלער, וואס דאס פאלק ברענגט ארויס פון זיך — ווי אמת עס זאל דאס אלעס ניט זיין,

זענען אויך זיי דאָך ניט אינגאַנצען פריי פון אייניגע פיאַנערן־דעפעקטען. עס איז דעריבער ווירקליך גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס מען געפינט ביי איהם דאָ און דאָרטען אייניגע ניט־גלאַטקייטען. דער וואונדער איז, וואָס זיי זענען אַזוי ווייניג ביי איהם. די דאָזיגע אַלע ניט־גלאַטקייטען געפינט איהר ביי פרוגען און אַפילו ביי פרצען פיעל מעהר, ווי ביי ראָזענפעלדען. און אַפילו אין די ערשטע ליעדער פון די מעהר־נייערע פּאָעטען, ווי רייזען און ליעסין — אויך אין זיי וועט איהר דאָס אַלעס געפינען אין ניט קיין קלענערער מאָס, ווי אין ראָזענפעלדס ליעדער.

און נאָך מעהר ווילד איז דאָס, וואָס מען קומט אַרויס־טראָגען אַן אורטייל אויף ראָזענפעלדס שאַפונגען נאָכדעם, וואָס מען שפּאַנט פריהער צונויף ראָזענפעלדען דעם סאַטי־ריקער, דעם פּאַמפלעטיסט, דעם פּאָלעמיקער, מיט ראָזענ־פעלדען דעם פּאָעט, דעם דיכטער. דאָס איז פונקט דאָס זעלבע, ווי מען וואָלט אַן אַפּשאַצונג געגעבען וועגען פּוש־קינען אָדער לערמאָנטאָווען, האַלטענדיג אַן אויג אויף זייערע עפּיגראַמען־ליעדער, אויף זייערע אַלבום איינשריפטען־ליע־דער. ראָזענפעלד דער דיכטער איז אַן אַנדערער, און ראָ־זענפעלד דער פּאַמפלעטיסט איז ווידער אַן אַנדערער. און מעג ער אַלס לעצטער גראָב און וואולגאַר זיין, האָט עס גאָר ניט צו טאָן מיט די דיכטונגען זיינע, אין וועלכע ער טרעט פאַר אונז אַלס אַ גרויסער דיכטער אַרויס.

און ניט נאָר קען מען ניט צונויפמישען ראָזענפעלדען דעם דיכטער מיט ראָזענפעלדען דעם פּאַמפלעטיסט, נאָר מען קען אויך ניט צונויפמישען ראָזענפעלדען דעם דיכטער פון זיין גלאַנץ־פּעריאָדע מיט ראָזענפעלדען דעם דיכטער פון די לעצטע צוועלף־פופצען יאָהר. מעגען די דיכטונגען זיינע פון די צוועלף־פופצעהן יאָהר ניט אויף קיין באַדייטענדער

פּאַטעטישער הויך שטעהן, מוז ער נאָך אַלץ אַלס אַ גרויסער דיכטער באַטראַכט ווערען צוליעב אַט יענע גרויסע דיכ־טונגען זיינע, וואָס ער האָט פריהער געשאַפען. אַ גרויסען דיכטער אורטיילט מען ניט לויט די אובאַדייטענדע שאַ־פונגען, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט, נאָר לויט די שאַפונגען, וואָס צייכענען זיך מיט גרויסקייט אויס. אין אַזוינע פעלע קען קיין „כוללם יחד" ניט גילטען. מען טרעט ניט צו דער אָפּשאַצונג פון דיכטער צונויפמישענדיג פריהער די שלעכטע מיט די גוטע שאַפונגען צוזאַמען. די ווערט פון די גרויסע שאַפונגען פון דיכטער קען אויף אַ האָר אפילו ניט פאַר־קלענערט ווערען צוליעב דעם, וואָס נאָך זיי זענען געקומען שאַפונגען פון שוואַכער באַדייטונג.

און אַט אַזוי איז אויך אין באַצוג צו ראַזענפעלדען. ווען מיר קומען רעדען וועגען ראַזענפעלדען דאַרפען מיר הויפּט־זעכליך רעדען וועגען אַט יענעם ראַזענפעלדען, וואָס מיר זעהען פאַר זיך אין דער גלאַנץ־פּעריאָדע פון זיין שאַפען. דער ראַזענפעלד פון די שפּעטערדיגע יאָהרען עקזיסטירט פאַר אונז ניט. און אויב ער עקזיסטירט יאָ, עקזיסטירט ער שוין אַלס אַ גאַנץ אַנדערער ראַזענפעלד. עס קענען דעריבער מעגליך זיין צוויי באַזונדערע אָפּשאַצונגען וועגען צוויי באַזונ־דערע ראַזענפעלדס. עס קען אָבער קיין רעדע ניט זיין וועגען דעם, אַז אין אונזער אָפּשאַצונג וועגען ערשטען ראַזענפעלד זאָלען מיר אָן אויג האַלטען אויף די שאַפונגען פון צווייטען ראַזענפעלד. צו ווערען באַאיינפלוסט אין אונזער אָפּשאַצונג וועגען דעם גרויסען, וואָס ראַזענפעלד האָט געשאַפען פון דעם, וואָס ער האָט געשאַפען, ווען ער איז פיזיש און גייסטיג קראַנק און צובראָכען געווען — וואָס קען דען זיין נאָך אַ גרעסערער אונזין דערפון? די צוויי גרויסע גאונים קאַנט און ניטשע האָבען מיט טעמפּער שוואַכזיניגקייט פאַרענדיגט

זייער לעבען. שטעלט זיך איצט פאר, אז זיי האבען ניט גאר איגגאנצען זייער געדאנק פארלארען, אז דער געדאנק זייערער האט נאר זיין געניאליטעט אנגעווארען, אז זיי זענען אנשטאט גאונים — שריפטשטעלער פון אומבאדייטונג געווא־רען, אז פונקט ווי פריהער האבען זיי אויך איצט די פעהיג־קייט צו שרייבען פארמאגט, מעהר ניט — אנשטאט, וואס פריהער האבען זיי געשריבען געניאלע ווערק, שרייבען זיי איצט אונבאדייטענדע ווערק, וואלט דען דאן אויף א האר אפילו די ווערט פון אט יענע אלע פריהערדיגע געניאלע ווערק זייערע פארקלענערט געווארען צוליעב די שפעטערדיגע ווערק זייערע, וואס זענען פון שוואכער באדייטונג?

און אט אזוי ווילד איז אויך דאס, וואס מאנכע רערען מיט אזא לייכטען זשעסט וועגען ראזענפעלדס דיכטונגען אין צוזאמענהאנג—ווי זיי פארזיכערען—מיט זיין אונוויסען, מיט זיין — ווי זיי באהויפטען — אונקולטורקייט. מען האט ביי אונז אין דער אידישער — די העברעאישע ליטעראטור ווייסט דערפון ניט — ליטעראטור געוואלדיג אפשיי פאר פיער קלאסען גימנאזיע, פאר א ביסעל אלגעברא און געא־מעטריע, פאר א סיום מאכען איבער עטליכע דורכגעלעזענע ביכער. עס דארף אבער איינער אליין א זעהר פלאך קול־טורעל מענשעל זיין דערויף, ער זאל קענען אזא איינעם, ווי א ראזענפעלד, אלס אונקולטורעל, אונוויסענד באצייכענען. אזוינע ריזיגע טאלאנטען, ווי ראזענפעלד, זענען אליין קול־טור. עטליכע מעהר אדער עטליכע וועניגער דורכגעלעזענע ביכער — וואס פאר א באטרעף האט עס פאר זיי? זיי זענען אליין ביכער. רעדען וועגען אונקולטורקייט, וועגען אונוויסען אין באצוג צו ראזענפעלדען, אויף דעם סמך פון די אדער יענע פראסטקייטען, וואולגאריטעטען וועלכע געפינען זיך הויפטזעכליך אין מאנכע פון זיינע ניט־פאעטישע שריפטען

איז פונקט, ווי צו רעדען וועגען דער אָרימקייט פון אַ ראַקע־פּעלער, למשל, אויף דעם סמך, וואָס מען האָט אין דעם אָדער יענעם פאַל אַ געוויסע איינגעהאַלטענקייט, אַ געוויסען קמצנות־שטריך אין איהם באַמערקט.

---

יאָ, פיעל מעהר, ווי נאָר אַ פאָלקס־פּאָעט איז מאָריס ראָזענפעלד. ער איז אונזער ערשטער גרויסער קלאַסיקער דיכטער; ער איז אונזער ערשטער אמת־גרויסער פּאָעט גע־ווען. און אין מאַנכע הינזיכטען מוז ער נאָך אויך יעצט אַלס דער גרעסטער אידישער דיכטער באַטראַכט ווערען. אויב די דאָזיגע פאָלקס־דיכטער באַצייכענונג קען עמיצען קליין מאַכען, איז ניט דעם פאַרשטאָרבענעם דיכטער, נאָר טאַקע די באַצייכענער אַליין.

---

און אויב עס מוז שוין דורכאויס זיך געפינען אין אונ־זער באַצייכענונג פון פאַרשטאָרבענעם אַלס דיכטער אַ טער־מין, וואָס דער אינהאַלט פון דעם באַגריף, וואָס ער באַ־צייכענט, זאָל אין אַ געוויסער פּאַרוואַנדשאַפט שטעהן מיט דעם אינהאַלט פון דעם באַגריף, וואָס דער טערמין פאָלק באַצייכענט — קען דער דאָזיגער טערמין נאָר נאַציאָנאַל זיין. ניט קיין פאָלקס־פּאָעט איז ראָזענפעלד געווען, נאָר אַ נאַצי־אָנאַלער פּאָעט, נאַציאָנאַל אין דעם זין, אין וועלכען עס זענען פיעלע פון די גרויסע קינסטלער פון אַ פאָלק, פיעלע פון די גרויסע קלאַסיקער אין אַ ליטעראַטור. ער איז נאַ־ציאָנאַלער קינסטלער אין דעם זין, וואָס אויך אין זיינע ווערק האָט אַ גאַנצע עפּאָכע, אַ פּאַזע אַ גאַנצע פון אידי־שען לעבען איהר מאָנומענטאַלע פאַרקערפּערונג געקראָגען.

ער איז אַ נאַציאָנאַלער דיכטער אין דעם זין, ווי אַ טשעכאָוו איז אַ נאַציאָנאַלער קינסטלער געווען צוליעב דעם, וואָס ער האָט אין זיינע ווערק דאָס גאַנצע רוסישע לעבען אין אַלע זיינע פאַזען פון זיין צייט געגעבען, צוליעב דעם, וואָס די ווערק זיינע שטעלען פאָר מיט זיך אַ גאַלערעע אַ גאַנצע פון סקולפּטור־בילדער, אין וועלכע די פאַרשידענסטע בילדער, אין וועלכע די פאַרשידענסטע נאַציאָנאַלע טיפּען פון פאָלק האָבען זייער פאַרקערפּערונג געקראָגען, ווי עס איז אויך אין אַ געוויסען זין, צוליעב דער עהנליכקייט זיינער צו טשע־כאָווען אין באַצוג צו אָט דער אויבענאַנגעגעבענער כאַראַק־טעריסטיק פון זיין שאַפען, אויך אונזער אברהם רייזען אין די ווערק פון וועלכען עס געהען דורך פאָר אונז איינער נאָך דעם אַנדערען, ווי אין אַ לאַנגער, געקייטעלטער רייהע די אַלע כמעט, פאַרשידענסטע פאָלקס־טיפּען אונזערע פון די לעצטע פאָר צעהנדליג יאָהר, פאַראייניגענדיג זיך נאָכדעם אַלע צוזאַמען אין איין קאָלאָסאַל, אַרומנעהמענדען בילד פון דעם גאַנצען אידישען לעבען פון אונזער דור.

ער איז אַ נאַציאָנאַלער דיכטער געווען, ווי עס איז אַזאַ נאַציאָנאַלער דיכטער געווען מענדעלי, וועלכער האָט אַ גאַנצע עפּאָכע פאַרקערפּערט אין זיינע שאַפונגען, אין וועלכע עס האָט אַ גאַנץ נייע אַרויסגעבראַכטע פאַזע אין אידישען לע־בען, די פאַזע, ווען דאָס קליינע אידישע שטעדטעל האָט זיך מיט דער טאָרבע איבער דעם וועג אַוועקגעלאָזט, אַ תושב פון דער גרויסער שטאָדט צו ווערען, איהר קינסטלערישען אויסדרוק געקראָגען. ער איז אַ נאַציאָנאַלער דיכטער געווען, ווי עס איז געווען דער גרויסער טראַגיקער אונזערער שלום־עליכם, וועלכער האָט קינסטלערישען אויסדרוק געגעבען צו דער צווייטער נייער ענטוויקלונגס־פאַזע אין אידישען לע־בען, ווען דאָס קליינע אידישע שטעדטעל איז שוין אין דער

גרויסער שטאָדט איבערגעטראָגען געווען, וועלכער האָט אַזוי מייסטערהאַפט געשילדערט דאָס טראַגישע אויסגרינען זיך פון דעם אין דער גרויסער שטאָדט אָנקומענדען קליינשטעטלדיגען אידען, דעם היציגען טומעל, וואָס די גרויסע שטאָדט האָט אין זיין מח אריינגעטראָגען, דאָס יאָגעניש נאָך גרויסציגעקייט, וואָס זי האָט אין איהם ענטוויקעלט, די צוימלאָזע, דאָנקיכאָטישע אונטערנעמונגס־ענערגיע, וואָס זי האָט ביי איהם געוועקט.

ער איז אַ נאַציאָנאַלער דיכטער געווען, ווי עס איז געווען פרץ, וועלכער איז דער דיכטער פון אינערליכען געזאַנג פון דער נשמה פון פאָלק געווען. וועלכער איז דער קינסטלערישער אויסדרוק פון דער אינטענסיווער נאַציאָנאַלער ערוואַכונג, וואָס אונזער דור האָט איבערגעלעבט, פון דעם צוריקקעהר פון דעם אידישען אינטעליגענט צום שורש זיינעם. אָדער, ווי ביאַליק, וועלכער האָט דעם גרויסען צער פון אונזער אידישען דור געניאַלע קינסטלערישע פאַרקערפּערונג געגעבען.

---

יא, ראָזענפעלד איז אַ נאַציאָנאַלער דיכטער געווען. ער באַלאַנגט, ווירקליך, צו אָט יענע גרויסע דיכטער, וואָס זענען פון נאַציאָנאַלען ווערט גרויסען, וואָס ווערען אַלס נאַציאָנאַלע דיכטער באַצייכענט, ווייל עס ליגט דער נאַציאָנאַלער שטעמפּעל אויף זייער שאַפען, ווייל דער קינסטלערישער אָביעקט פון זייער שאַפען איז די נאַציע זייערע אין די וויכטיגסטע פאָרמען פון איהר וועזען־התגלות, ווייל זיי וואַרפען אַ העלע ליכט אויף פאַרשידענע רעגיאָנען פון דעם אויסערליכען אָדער אינערליכען לעבען פון פאָלק. ער באַלאַנגט צו זיי, ווייל אויך ער האָט אַ נייע ענטוויקלונגס־פאַזע אין אידישען לעבען אין זיינע שאַפונגען פאַרקער־

פערט, ווייל אויך ער האָט קינסטלערישען אויסדרוק געגעבען צו אַ תקופה אַ גאַנצער פון אידישען לעבען אין אַמעריקאַ. ער — נאָר ער — איז דער דיכטער געווען פון אָט יענער ענטוויקלונגס־פּאַזע אין אידישען לעבען אין אמעריקא, ווען די אידישע עמיגראַנטען־שטראָמען פלעגען אַריינפאַלען גלייך פון טרעהרען־אינזעל אין די פינסטערע און פארחושכטע קע־לערען־ און בוידימער־פאַבריקען, וועלכע האָבען טאָג און נאַכט זייער בלוט און פלייש געפרעסען, ווען לעבען אויף דער אידישער גאַס האָט געהייסען אונאויפהערליך פאַר אַ הונגער־לוין צו אַרבייטען, ווען דער אַרבייטער האָט אויך אין דער נאַכט כמעט קיינע רוהע־שטונדען ניט געהאַט, אויף צו באַנייען די דורך דעם טאָג אויסגעאַרבייטע כחות זיינע. ער האָט קינסטלערישען אויסדרוק געגעבען צום פינסטערען, שוידערליכען לעבען פון אידישען אַרבייטער צו יענער צייט. ער האָט זיינע גרויסע ליידען אין ריזיגע פּאָעטישע פאָרמען פאַרקערפּערט. ער איז דער גרויסער דיכטער געווען פון דער טרויעריגער עפּאָכע פון אונזער ערשטער איינוואַנדערונג קיין אַמעריקאַ. ביכער פיעלע, וואָס זאָלען דעם דאָזיגען גע־גענשטאַנד געווידמעט זיין, וואָלטען אונז ניט געקענט געבען אַזאַ קרעפטיג, אויספיהרליך בילד וועגען דעם לעבען פון דעם אידישען אַרבייטער אין אמעריקא צו יענער צייט, ווי עס גיבען אונז די אַרבייטער ליעדער פון ראָזענפעלדען. ער איז דער ירמיה געווען פון דעם שוידערליכען גיהנום־לעבען פון די אידישע אַרבייטער אין יענעם דור. ער איז דער אויס־דרוק פון זייער גרויסען צער, פון זייער גרויסען פיין געווען. מיט אויסערגעוועהנליכער קראַפט, אין וועלכער עס איז אַזוי־פיעל אויפרעגונג געווען, אַזויפיעל פאַרביטערטקייט, אַזויפיעל דורכגעדרונגענער מיטלייד מיט די ליידענדע, האָט ער זייער

פארצווייפלונג, זייער אונבאהאלפענקייט, זייער שקלאפיש־לעבען געשילדערט.

און וואס איז דער וואונדער? ער האט דאך אין אמתען אין די דאזיגע ליעדער ניט נאר זייער לעבען אליין געשילדערט, נאר אויך זיין אייגען לעבען. אויך ער אליין איז דאך איינער פון זיי געוועז. דאס טיעפע רחמנות־געפיהל צום אידישען ארבייטער, וואס רעדט ארויס צו אונז פון יעדער שורה פון די ארבייטער־ליעדער זיינע, איז דאך אין אמתען ניט מעהר, ווי אן אפשפיגלונג נאר פון דעם טיעפען רחמנות, וואס ער האט אויך צו זיך אליין געפיהלט. ווארים אויך ער איז א לאנגער תושב געוועזן פון די קעלער־ און בוידימער־פאבריקען; אויך איבער זיין רוקען איז די זינגער מאשין הין און הער ארומגעפאהרען. אויך ער איז די אלע שרעק־ליכע שבעה מדורים פון גיהנום־לעבען פון אידישען ארבייטער דורכגעגאנגען. ער איז אן „אח לצרה" מיט דעם אידישען ארבייטער געוועזן. ער איז ניט קיין זייטיגער געוועזן, נאר אן אינוועניגסטער. ניט פון די ווייטע הויכקייטען האט ער זיך, ווי א פרעמדער מיט אביעקטיווען רחמנות־געפיהל, אין יאמערטהאל ארויסגעלאזט, ער זאל דער שליח־צבור זיין פון די געקריוודעטע און באליידיגטע איינוואוינער זיינע, נאר אויך ער אליין איז איינער פון זיינע איינגעפונדעוועטע בירגער געוועזן. זייענדיג זייער שליח־צבור איז ער אויך זיין אייגענער שליח־צבור געוועזן. דאס געוויין, וואס האט זיך פון זיין מויל געהערט, איז אויך זיין אייגען נשמה־געוויין געוועזן. דער גרויסער צער פון יאמערטהאל, וואס ער האט באזונגען, איז אויך זיין אייגענער צער געוועזן. און דערפאר אזויפיעל עכטקייט, אזויפיעל דורכגעווייטיגטקייט אין זיינע ארבייטער־ליעדער. דערפאר מאכען זיי אויף אונז אזא טיעפען איינדרוק, דערפאר באהערשען זיי אונז אזוי שטארק.

די ליידען פון דעם גאנצען כלל, וועלכע האט פאעטישע גע־שטאלטונג געגעבען, זענען זיינע פערזענליכע ליידען געווען. ער האט זיי אליין אין זיין לעבען דורכגעפיהלט, דורכגע־וועטאגט.

און אמת, אז די ארבייטער־ליעדער פון מאָריס ראָזענ־פעלד ענטהאלטען אין זיך ניט דעם עלעמענט פון רעוואָ־לוציאָנערען וועקען, פון רופען צום קאמף. זיי זענען ליעדער פון פארצווייפלונג, פון טיעפען ליידען, פון שארף דורכגע־לעבטען וועהטאג. זיי זענען אבער בשום אופן ניט קיין ליעדער פון רעוואלוצינערען קאמף. נאָר רעוואָלוציאָנערע שוטים אבער קענען רעדען וועגען דעם אפוועזענהייט פון דעם דאזיגען עלעמענט אין ראָזענפעלדס פאעזיע אין צוזא־מענהאנג מיט דער אפשאצונג אונזערע וועגען ראָזענפעלדען אלס דיכטער. פארקלענערען דעם ווערט פון ראָזענפעלדען אלס דיכטער צוליעב דעם, וואָס עס פעהלט דער רעוואָלוציאָ־נערער עלעמענט אין די ארבייטער־ליעדער זיינע איז פונקט דאס זעלבע, ווי אוועקמאכען מיט דער האנט א געטהע, פוש־קין, שעלי, דערפאר, וואס זיי האבען קיין רעוואָלוציאָנערע ליעדער ניט געשריבען. פונקט דאסזעלבע ווי צו ערקלעהרען א שעקספיר אלס ניט קיין זעהר באדייטענדען טאלאנט דער־פאר, וואס אין קיין איינער אפילו פון די אלע פיעלע דראמען זיינע איז קיין רמז אויף דער סאציאלער רעוואָלוציע, וואס דארף אנקומען, ניט פאראן. די גרויסקייט פון א דיכטער ווערט באשטימט לויט דער גרויסקייט פון די ליעדער, וואָס ער האָט יאָ געשריבען. עס קאָן אבער געווים ניט קלענער ווערען די ווערט זיינע צוליעב די אָדער יענע ליעדער, וואָס ער האָט ניט געשריבען. עס קען מעגליך זיין צו פיהרען פאראלעלען אזוינע וועגן דער אפוועזענהייט אָדער אנוועזענ־הייט פון דעם רעוואָלוציאָנערען עלעמענט אין די אָדער יענע

דיכטונגען, ווען עס רעדט זיך גלייכצייטיג וועגען צוויי אר־בייטער־דיכטער. אויך דאן אבער קען מען עס טאן ניט דערויף כדי מען זאל דורך דעם איינעם קלענער פון דעם צווייטען ערקלהרען, נאר דערויף, אויף צו באשטימען דעם כאראקטער פון דער פאעזיע פון יעדען איינציגען, אויף אנצעווייזען דע־רויף, אז צוליעב דעם רעוואלוציאנערען עלעמענט, מיט וועל־כען עס צייכענען זיך אוים די שאפונגען פון רעוואלוציאנערען ארבייטער־דיכטער, זענען זיי מעהר אפעלירענד צום לעזער פון יענעם דור געווען. אין באצוג אבער צו ראזענפעלדען איז דאס רעדען וועגען דער אפוועזענהייט פון אט יענעם רעוואלוציאנערען עלעמענט אין זיין דיכטונג גאר אינגאנצען אויסער דעם וועג, גאר אינגאנצען אויסער דער טעמא.

און פארקעהרט נאך. ניט נאר קען ניט פארקלענערען די אפוועזענהייט פון אט יענעם רעוואלוציאנערען עלעמענט אין ראזענפעלדס ליעדער די ווערט זיינע אלע גרויסער דיכ־טער, נאר זי פארגרעסערט זי נאך. מיר זעהען דורכדעם, וואס פאר אן אמתער דיכטער ער איז געווען, ווי פאלש עס האט ניט געקענט זיין די מוזע זיינע, וואס פאר אן אחיזה זי האט אין דעם דעמאלטיגען אידישען לעבען געהאט. ווארים וואס פאר א רעוואלוציאנערע אטמאספערע האט עס אין אמתען ראזענפעלד געקענט געפינען דאן אין אידישען לעבען, וואס זאל געווען קענען מעגליך מאכן פאר איהם אויפריכ־טיגע דורכגעלעבטע רעוואלוציאנערע ליעדער צו שרייבען. ער האט פאעטישען אויסדרוק געגעבען צו דעם, וואס ער האט אין לעבען געזעהן. זיין מוזע האט דיכטערישע געשטאלטונג געגעבען צו דעם, וואס ער האט טיעף דורכגעפיהלט, טיעף דורכגעלעבט. די איינציגע טרעגער פון דער רעוואלוציאנע־רער אידעע אויף דער אידישער גאס זענען געווען דאן עט־ליכע יונגע פאנטאסטען, וואס זענען אלס רעוואלוציאנערען־

עמיגראַנטען ערשט ניט לאַנג פון רוסלאַנד אַריבערגעקומען. ביי זיי איז, ווירקליך, דער אויסברוך פון רעוואָלוציאָנערען שטורם איבער דער גאַנצער וועלט, דאָס איינפיהרען פון דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג אַ זעהר אַקטועלער ענין געווען. זיי האָבען דאָס אָנקומען פון דעם אַלעם כמעט אין חדשים שוין געצעהלט. דער רוב מנין און רוב בנין אָבער פון דער גאַנצער אידישער מאַסע האָט דאָן ניט די פּאָהן פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, נאָר דעם שווערען דריקענדען יאָך פון זייער ביטער מזל געטראָגען. פון זייער ברוסט האָבען זיך ניט קיין קאַמפּפסרופען אַרויסגעריסען, נאָר וועה־געשרייען. ניט פון רעוואָלוציאָנערע געפיהלען איז זייער האַרץ באַהערשט געווען, נאָר פון אַ טרויער־געפיהל, פון אַ פאַרביטערטקייט־געפיהל.

און אָט דאָס אַלעס האָט ראַזענפעלד אין זיינע ליעדער פאַרקערפּערט.

וואָרים, אויב עס איז אמת, אַז עס פעהלט אין זיינע ליעדער דער רעוואָלוציאָנערער עלעמענט, איז אָבער ניט אמת, דאָס, וואָס עס ווערט צוזאַמען דערמיט געזאָגט, אַז די ליעדער זיינע זיינען ליעדער פון פאַרצווייפלונג, פון מוטלאָזיגקייט, אַז עס הערשט אין זיי אַ געפיהל פון דערשלאָגענקייט. אויב עס איז אין זיי דער קאַמפּס־רוף ניטאָ, איז אָבער אין זיי דער עלעמענט פון קאַמף יאָ דאָ. דער עלעמענט פון פּראָטעסט, פון פאַרביטערטקייט, דער עלעמענט פון דערקענטער אויפגעוואַכטער מענשליכער זעלבסטווירדע. ראַזענפעלדס ליעד איז ניט דאָס אומעטיגע ליעד פון שקלאַף, וואָס צוזאַמען דערמיט וואָס ער באַוויינט דעם טרויעריגען שיקזאַל זיינעם, טהוט ער איהם אויך סאַנקציאָנירען דאָן, וואַרפט ער זיך דאָן אויך אונטער פאַטאַל אונטער דעם שווערען יאָך, וואָס עס איז אויף איהם אַרויפגעלעגט געוואָרען, ניט

אנערקענענדיג פאר זיך דאס רעכט צו שטרעבען זיך באַ־פרייען פון איהם, גלויבענדיג, אז ער האט טאקע קיין בע־סערע מערכה ניט פארדינט. ראזענפעלדס ליעד איז דאס פארביטערטע, פראטעסטירענדע ליעד פון דעם טיעף־ליידענדען, וואס וויל זיך פון דעם שווערען יאך באפרייען, וואס איז באוואוסט אויף די מענשליכע רעכט זיינע: צו גרויס אבער זענען די יסורים זיינע, צו שארף איז דער וועה־טאג זיינער, ער זאל זיך קענען מיט רעוואלוציאנערע פראזען שפייזען. זיי זענען ביי איהם צופיעל לעבעדיג געפיהל, ער זאל זיך קענען פון זיי מיט רעוואלוציאנערע אפשפרע־כונגען באפרייען, ער זאל קענען די טרויעריגע שאטענס פון זיין רעאלען לעבען פאריאגען דורך דעם כימערישען ליכט פון רעוואלוציאנערער אילוזיע. ראזענפעלד איז איינער פון די אינטימסטע וועלט־דיכטער געווען. ער האט אין זיינע ליעדער פארקערפערונג געגעבען נאר צו דעם אלעם, וואס ער האט טיעף דורכגעפיהלט, טיעף דורכגעוועהטאגט, נאר צו דעם אלעם, וואס ער האט ארום זיך אין לעבען געזעהן. ער איז א טייל געווען פון דעם כלל, וועלכען ער האט גע־שילדערט. זיינע ליידען זענען זיינע פערזענליכע ליידען גע־ווען. ניט נאר האט ער אליין ניט געקענט קיינע רעווא־לוציאנערע ליעדער שרייבען, נאר עס האבען אויך געמוזט א שעהן ביסעל קאמיש, פאלש קלינגען פאר איהם די רע־וואלוציאנערע ליעדער פון איינינע אנדערע ארבייטער דיכ־טער, וואס זענען זיינע צייטגענאסען געווען.

---

ניט קיין פאלקס־דיכטער איז, אלזא, מארים ראזענפעלד געווען, נאר א נאציאנאלער דיכטער, און אויך זיינע שאפונגען צייכענען זיך אויס מיט דער זעלבער אייגנשאפט, מיט וועלכער עס צייכענען זיך אויס די שאפונגען

פון די אַלע אַנדערע גרויסע נאַציאָנאַלע קינסטלער. די דאָזיגע מערקווירדיגע אייגענשאַפט באַשטעהט אין דעם, וואָס די ווערק זייערע זענען גלייכצייטיג אי גוואַלדיג אַלט, אי אייביג נײַ. אַלט זענען זיי פאַר נײַע דורות אין זייער אויסערליכען ווערט, אין באַצוג צו דער דירעקטער השפּעה זייערער אויף דער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור אין איהר ווייטערדיגער ענטוויקלונג. מען שרייבט שוין מעהר ניט אויף דעם אופן, ווי יענע גרויסע קינסטלער האָבען געשריבען, די קינסטלערישע טעמעס זייערע זענען שוין פון לאַנג פאַרעלטערטע, אָפּגעלעבטע. טראָץ דעם אָבער בלייבען זיי אייביג נײַ אין זייער אינערליכען ווערט, אין דער השפּעה זייערער אויף דעם לעזער. מעג ווי גרויס זײַן דער צייט־דיסטאַנץ, וואָס טיילט אונז אָפּ פון זיי, פאַרפעהלען זיי קיינמאָל ניט ארויסצורופען אין אונז קינסטלערישע עמיציאָנען שטאַרקע, וועלען מיר לייענען זיי. זיי היטען אויף אייביג איין זייער פרישקייט, זייער קינסטלערישען ווערט פאַר אונז. אין די מאָמענטען, וואָס מיר געפינען זיך נאָר מיט זיי, שיינען זיי אונז קיינמאָל ניט אַלס פאַרעלטערטע, אַלס שוין אָפּגעלעבטע. קענט איהר זיך פאָרשטעלען, אַז עמיצער זאָל שרייבען איצט, ווי מענדעלי. מענדעלי איז גוואַלדיג אַלט, אַז אַנדערע זאָלען קענען איצט אַזוי שרייבען, ווי ער. ער איז אָבער ניט אַלט פאַר אונז, ווי ווייט מיר זאָלען ניט זײַן פון איהם, ווען ער אַליין שרייבט. איך מיין צו זאָגען — אין דעם יעדען שפתותיו דובבות בקבר מאָמענט זיינעם, דאַן, ווען עס ווערט פון אונז זײַן גייסט אַרויסגערופען צו שרייבען נאָכאַמאָל אין אונזער אַנוועזענהייט דאָס שוין פון איהם אָנגעשריבענע דורך דעם, וואָס מיר לייענען איהם. דאָס וואָס וואָלט ביי אַנדערע געמאַכט איצט דעם איינדרוק פון מגידות, פון צעצויגענע בטלנישע רעטאָריק, פון עובר־בטלדיגע חקירה,

פארשאפט אונז ביי מענדעלין העכסטען קינסטלערישען גע־נוס, נעהמען מיר עם אויף, ווי עכטע דיכטערישע שאפונגען.

און דאס זעלבע איז אויך בנוגע שלום־עליכמען. ער איז געבליבען איינער אין זיין ארט שרייבען. קיינער שרייבט ניט מעהר, ווי ער. און זאלען אנדערע פרואווען שרייבען, ווי ער, וועט עס אויף אונז מאכן דעם איינדרוק פון שארזש, פון ליצנות, פון קאטאוועס טרייבעריי, דאן ווען שלום־עליכמס הומאר צייכענט זיך מיט אזא מערקווירדיגען קינסטלערישען ערנסט אוים, דאן, ווען זיין טאלאנט צייכענט זיך מיט אט יענער מערקווירדיגער אייגענשאפט אוים — וואס איז אזא זעלטענע ערשיינונג — וואס אין אלע זיינע הומאריסטישע זאכען, כמעט, געפינען מיר אזויפיעל טראגישע שטימונג, וואס ברענגט אין אונזער נשמה אזויפיעל דורכדרינגענדען טרויער אריין.

און דאס איז דערפאר, וואס אט יענער ארט שרייבען איז ביי מענדעלין און ביי שלום־עליכמען דער „שאר רוח" פון זייער טאלאנט געווען, עס איז זייער אייגענער גבורה געווען, דאן, ווען ביי די אנדערע וואלט עס זיין אימיטאציע, נאכאהמונג, פון דער פרעמדר אויפגעכאפט.

און נאך מעהר איז דאס צוליב דעם, וואס ביי זיי איז די אייגענארטיגקייט פון זייער שרייבען ניט נאר אן ענין פון פארם אליין געווען, נאר אויך פון אינהאלט. די פארם איז ביי זיי צוזאמען מיט דעם אינהאלט צוזאמענגעוואקסען געווען. דאן, ווען ביי די איצטיגע נאכאהמער זייערע וואלט אט דער אופן שרייבען נאר א לבוש אהן נשמה געווען. זייער אינדיווידועלער אופן פון שרייבען איז ביי זיי די אמערסטען צוגעפאסטע פארם געווען פון דעם קינסטלערישען אינהאלט פון זייערע שאפונגען. זיי האבען דורך זייערע שעפפערישער אייגענארטיגקייט דעם העכסטען קינסטלערישען תיקון גע־

נעבען צו די שוין איצט אפּגעשטאָרבענע קרעפטיגע מאָטיוון פון יענעם דור. וואָרים זייער שורש־נשמה איז אינטימער, טיפער, ווי די אַלע אנדערע קינסטלער פון יענעם דור מיט די טעמען, אויף וועלכע זיי האָבן געשאַפן, פאַרבונדען געווען. זיי האָבן פיעל שטאַרקער, פיעל טיפער, ווי אַנ־דערע, זיך איינגעלעבט אין אָט יענער אַטמאָספערע, וואָס זיי האָבן געשילדערט. און דעריבער איז ניט נאָר קענען זיי קיין נאָכאַהמער, נאָכפאָלגער אין די קומענדע דורות ניט האָבן, נאָר זיי באַלאַנגען אויך צו אָט יענעם קלאָס גרויסע נאַציאָנאַלע קינסטלער, וואָס שטעהען בכלל איינע אַליין. אויך אין זייער דור שטעהען זיי איינע אַליין. דאָס קינסטלע־רישע פעלד, וואָס זיי באַאַרבייטען, איז זייער אייגענער רשות היחיד. קיינער פאַרמעסט זיך ניט מיט זיי אין כח. וואָרים קיינער פון די אַלע אנדערע קינסטלער האָט ניט אַזאַ גרויסע נשמה־פאַרוואַנדשאַפט מיט יענעם קינסטלערישען אינהאַלט, וואָס זיי האָבן אין זייערע שאַפונגען פאַרקערפערט. וואָרים די שאַפונגס־מאָטיוון זייערע זענען זייער אייגענע נשמה־מאָטיוון. גלייכצייטיג מיט פרצען און אויך נאָך איהם האָבן פיעלע אנדערע דאָס חסידות באַזונגען. קיינער אָבער פון זיי קען זיך ניט צו זיין גרויס, צו זיין הויך דערהויבען. ער פאַרטונקעלט זיי אַלעמען. ער ערשיינט פאַר אונז ניט נאָר אַלס דער ערשטער, נאָר אויך אַלס דער גרעסטער. און אַלס דער גרעסטער ערשיינט ער פאַר אונז דערפאַר, וואָס דאָס אינערליכע געזאַנג פון דער נשמה פון אונזער פאָלק איז דאָס געזאַנג פון זיין אייגענער נשמה געווען. דערפאַר וואָס ער האָט דאָס אַלעס אין זיין שורש־נשמה געהאָט; דער־פאַר, וואָס ער איז טיפער, אינטימער מיט די שאַפונגס־מאָטיוון זיינע פאַרבונדען געווען, ווי די אַלע אַנדערע. בלאָס, שוואַך זעהען אין אונזערע אויגען אויס די אַלע אַנ־

דערע פּאָגראָם־ליעדער נאָכדעם, וואָס מיר האָבען פאַר זיך ביאַליקס פּאָגראָם־ליעדער. ער שטעהט איינער אַליין אין דעם קרעפטיגען אויסדרוק, וואָס ער האָט געגעבען די שרעקליכע ליידען פון אונזער פאָלק אין לעצטען דור. וואָרים דער צער פון פאָלק איז זיין אייגענער צער געוואָרען, דער צאָרן פון פאָלק איז זיין אייגענער צאָרן געוואָרען.

און דאָס אייגענע זעהען מיר אויך אין באַצוג צו די ליעדער פון ראָזענפעלדען. עס איז ניט אַ צייט איצט פון שרייבען אַרבייטער־ליעדער. ניט מען שרייבט איצט אַזוינע ליעדער, ניט עס וואָלטען איצט אַזוינע ליעדער געקענט אָפּעלירען צו אונז. און דאָך מאַכען נאָך אויך יעצט אַ טיעפען איינדרוק אויף אונז ראָזענפעלדס אַרבייטער־ליעדער. אויך איצט נעהמען מיר זיי נאָך אויף אַלס גרויסע דיכטערישע שאַפונגען, ווייל עס צאַפּעלט זיך אין זיי אַ לעבעדיגע נשמה, ווייל עס איז אין זיי דער אינערליכער איך פון דער פערזענליכקייט פון דיכטער צו זיין פולסטען אויסדרוק געקומען.

וואָרים אין דעם באַשטעהט טאַקע דער סוד פון דעם וואָס די ווערק פון אָט יענע גרויסע נאַציאָנאַלע קינסטלער ווערען קיינמאָל זייער פרישקייט ניט אָן, ווערען קיינמאָל ניט אָן זייער ווירקונג אויף אונז. נאָר מאַטעריע קען אָפּשטאַרבען אין די אָדער יענע עקזיסטענץ פאָרמען איהרע. די עקזיסטענץ פאָרמען אָבער פון גייסט שטאַרבען ניט אָפּ קיינמאָל. איינמאָל אין לעבען אַרויסגערופען געוואָרען האַלטען זיי שוין שטענדיג זייער עקזיסטענץ אָן. אַ טיעף־דורכגעלעבט געפיהל מוז אויף שטענדיג זיין היפּנאָטיזירענדע ווירקונג אָנהאַלטען. דורך דער קראַפט פון דעם טיעף־דורכגעלעבטען קינסטלערישען אמת, וואָס יענע קינסטלער האָבען אין זייערע ווערק פאַרקערפּערט, דורך דעם, וואָס זיי האָבען אין זיי זייער גאַנצען

אינערליכען איך קאָנצענטרירט, ווערען מיר אין דער וועלט, אין וועלכער יענע קינסטלער האָבען געלעבט איבערגעטראָגען. מיר ווערען פון דעם גייסט, וואָס רעדט פון זייערע ווערק אַרויס, פאַרהיפּנאָטיזירט, צו לעבען אין דער זעלבער עמאָ־ציאָנען ספערע, אין וועלכע זיי האָבען געלעבט. די גאַנצע צווישען־צייט, וואָס טיילט אונז פון יענע קינסטלער אָפּ, ווערט ווי אָפּגעווישט, און מיר פיהלען זיך לעבענדיג אין אַט יענער אַטמאָספערע, וועלכע האָט זיי אַרומגערינגעלט. וואָ־רים אין דעם איז דאָך דער סוד פון דעם, וואָס מיר ווערען בכלל פון אַ קונסט־ווערק באַווירקט. מיר ווערען דאַן ווי פון זיך אָפּגעשניטען. מיר ווערען דאַן אין אַ געוויסען זין איינס מיט דעם קינסטלער. געניסענדיג פון דעם קינסטלע־רישען ווערק, ווערט דער פּראָצעס פון שאַפען דאָס ווערק נאָכאַמאָל איבערגעחזרט. אָנשטאָט אָבער, וואָס פריהער איז דער קינסטלער אַליין דער איינציגער שעפּפער פון ווערק גע־ווען, ווערט דאָס ווערק איצט פון איהם צוזאַמען מיט אונז געשאַפען. אין דעם פּראָצעס אונזערען פון קינסטלערישען גע־נוס ווערען מיר שותפים צו דער מעשה יצירה זיינער. וואָס מעהר עס איז אַ קינסטלערישע ווערק פון עכטען טאַלאַנט דורכגעדרונגען, וואָס שטאַרקער עס איז אין דעם שעפּ־פערישער אויסדרוק פון קינסטלער, אַלץ מעהר ווערען מיר אויך אַריינגעדרונגען אין די אינערליכע וועלטען, אין וועלכע דער קינסטלער האָט געלעבט, בשעת ער האָט זיין קונסט געשאַפען, אַלץ מעהר מאַכען מיר דורך, געניסענדיג, דעם זעל־בען פּראָצעס, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, שאַפענדיג.

שרייבען היינט צו טאָג אין דער זעלבער שפּראַך, ווי די נביאים האָבען געשריבען, מוז הייסען נשמהלאָזע מליצה, אינהאַלטסלאָזע פראַזע. די רייד פון די נביאים אָבער רופען אויך ביי אונז די העכסטע באַגייסטערונג אַרויס. אויך אונ־

זערע הערצער ברענען זיי מיט דעם פייער פון דעם הייליגען פאטאס ניט ווייניגער, ווי זיי האבען די הערצער פון די גאר אלטע דורות געברענט. דאס גרויסע ליכט, וואס שטראהלט פון דער עקזאלטירטער שפראך זייערער ארוים בלענדעט אויך אונזערע אויגען ניט ווייניגער, ווי עס האט די אויגען פון די מענשען פון זייער דור געבלענדעט, ווייל עס איז אין זיי א דורכגעלעבטער אמת, א טיעף־דורכגעלעבט געפיהל פארקערפערט, ווייל עס זינגט פון זיי ארוים דאס אינערליכע געזאנג פון א נשמה א גרויסער, ווייל עס צאפעלט זיך אין זיי א לעבעדיג הארץ. דאס וואס וואלט ערגעץ אנדערש גלאט מליצה געווען, נאר פראזען, איז דארטען צוגעפאסטע אויסדרוקס־פארמען צו ברויזענדען, נשמהרייכען אינהאלט. דעריבער פארכאפען זיי אונז אזוי שטארק, דעריבער באַ־הערשען זיי אונז אזוי אינגאנצען. ווען מיר לייענען די נביאים ווערען מיר זייערע צייט־גענאסען. זייער לעבען ווערט א טייל דאן פון אונזער אייגען, פערזענליך לעבען. מיר ווערען דאן אין אט יענע גרוי־אלטע צייטען איבערגע־טראגען. דאס נאציאנאלע געפיהל, למשל, פון מאדערנעם מענשען, איז פיעל מילדער, פיעל ווייניגער שארף, ווי עס איז ביים אמאליגען מענשען געווען. די שאלענדע פרייד אבער, וואס שטורעמט ארוים פון די רייד פון די נביאים, ווען זיי האבען די אויפלעבונג פון פאלק געזעהן אדער פאר־אויסגעזעהן שלײדערט אונז מיט טויזענדער יאהרען צוריק, ווען דאס נאציאנאלע געפיהל איז כמעט ווי אן אינסטינקט דאן ביים מענשען געווען, ווען עס האט נאך ביי איהם אין זיין פרימיטיווער, שטארקער פארם געלעבט, ווען עס האט דעם גרעסטען טייל פון זיין קאלקטיווען לעבענס־אינהאלט פארמירט. אויך מיר הויבען דאן אן צו פיהלען נאציאנאל,

ווי די דער נביא האָט געפּיהלט און די שאַלענדע פרייד זיינע ווערט אויך אונזער אייגענע פרייד.

---

און עס איז ווירקליך אַ שאַנדע און אַ וועהטאָג, וואָס נאָך דער גאַנצער ענטוויקלונג, וואָס אונזער פּאָעזיע האָט דורכ־געמאַכט, נאָך די אַלע פאַרשידענע אולטראַ־מאָדערנע שולען, וואָס זי פאַרמאָגט שוין, איז מען דאָך נאָך ניט אימשטאַנד ביי אונז די איינפאַכסטע, מענשליכסטע קלאַסישע פּאָעזיע צו פאַרשטעהן ווי געהעריג. עס איז ווירקליך אַ שאַנדע און אַ וועהטאָג צו זעהן, ווי אַזוי מען קען ביי אונז ניט צוגעהן מענשליך צו אַזאַ פּאָעט ווי ראָזענפעלד, אַ געהעריגע אָפּ־שאַצונג וועגען זיין טאַלאַנט צו געבען, ניט צו פאַרקריכען דערביי אויף די זייטיגע געסלאַך פון רכילות אָדער לשון־הרע טרייבעריי, ניט צו פאַרוועגדען דערביי דעם גרעסטען טייל פון דער שרייבערשער ענערגיע, וואָס איז פאַר די אַר־טיקלען באַשטימט געוואָרען, פאַר די פאַרשידענע גראָבער פיננער פלפולים.